(AUTHOR)
KALMAN MARMOR

## קלמן מרמר

# דוד עדעלשטאַט

DAVID EDELSTEIN

(געבוירן דעם 21טן מײַ, 1866; געשטאָרבן דעם 17טן אָקטאָבער, 1892.)



ISBN:0-657-12141-X



קאָאָפּעראַטיווער פֿאָלקס פֿאַרלאַג
פֿון דער אידישער סעקציע פֿון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק, 1942.

קלמן מרמר

# דוד עדעלשטאַט

(געבוירן דעם 21טן מאַי, 1866 ; געשטאָרבן דעם 17טן אָקטאָבער, 1892.)



קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס פאַרלאַג
פון דער אידישער סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן
ניו יאָרק, 1942.

# פאָרוואָרט

דעם 21טן מאַי, 1941, איז געוואָרן 75 יאָר זינט דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־דיכטער דוד עדעלשטאַט איז געבאָרן געוואָרן. דעם 17טן אָקטאָבער, 1942, ווערט 50 יאָר זינט ער איז געשטאָרבן. אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע פון אָט־דעם פּיאָנער פון דעם אידישן אַרבעטער־ליד אין אַמעריקע האָב איך געגעבן אין מיין בוך „דוד עדעלשטאַט", אַרויסגעגעבן פון די אינסטיטוטן פאַר אידישער פּראָלעטאַרישער קולטור פון דער אוקראַינישער וויסנשאַפט־לעכער אַקאַדעמיע אין קיעוו און פון דער ווייס־רוסישער אַקאַדעמיע אין מינסק (פאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע, 1935). אין אָט־דעם קליינעם ביכל פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן ווערט נאַטירלעך אַלץ באַשריבן אַזוי קורץ ווי מעגלעך. אַלע געשעענישן, אָבער, וואָס ווערן דאָ דערציילט, זיינען, אַזוי ווי אין יענעם בוך, צום גרעסטן טייל באַגרינדעט אויף דאָקומענטן פון דער צייט, אין וועלכער דוד עדעלשטאַט האָט געלעבט און געווירקט, וואָס דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך די פאָר הונדערט אָנמערקונגען אין דעם דערמאָנטן עדעלשטאַט־בוך. דאָס איבעריקע איז געשטיצט אויף מינדלעכע און שריפטלעכע מיטטיילונגען פון זיינע נאָענטע קרובים, חברים און פריינט, ווי אויך אויף דערינערונגען פון זיינע מיטצייטלער.

אין די 50 יאָר זינט דוד עדעלשטאַט האָט פאַרעפנטלעכט זיינע לידער איז די אידישע אַרבעטער־דיכטונג אַוועק ווייט פאָראויס, שפּראַכלעך און קינסטלעריש. דאָך ווערן עדעלשטאַטס לידער נאָך אַלץ געזונגען און רייסן מיט זייערע צוהערער מיט זייער ברוויזנדיקן פּאַטאָס, מיט זייער פלאַמיקן פּראָטעסט קעגן קאַפּיטאַליזם און ליידנשאַפטלעכן רוף צום קאַמף קעגן עקס־פּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. דוד עדעלשטאַט פאַרדינט, אַז צו זיין 50טן יאָרצייט זאָלן אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן זיך נעענטער באַקענען מיט זיין טראַגישן לעבן, וואָס איז איבערגעהאַקט געוואָרן צו 26 יאָר אין מיטן בליען פון זיין רעוואָלוציאָנערן ווירקן און שאַפן.

מאַי, 1942.

קלמן מרמר.

# אין דער אַלטער היים

דוד עדעלשטאַט איז געבאָרן געוואָרן אין קאַלוגע דעם 21טן מאַי, 1866 (דעם 9טן מאַי, לויטן אַלט־רוסישן קאַלענדאַר). זיין פאָטער מאָיסיי (משה) איוואַנאָוויטש, אַן אויסגעדינטער ניקאָלייאַישער סאָלדאַט, וואַרשיינלעך א קאַנטאָניסט, איז א געוויסע צייט געווען א גאָראָדאָוואָי (פּאָליציאַנט) און שפּעטער אַן ארבעטער אין א זעג־מיל. די מוטער, קאַטערינאַ פּיאָדאָראָוונאַ (עטל), איז געווען אַן ענערגישע פרוי און געהאָלפן דורך איר פאַרדינסט (פאַרדינגען צימערן מיט עסן) אויפצוהאַלטן איר גרויס געזינט: זעקס זין און א טאָכטער.

אין זיין רוסישן ליד „סעמעיני פּאָרטרעט" (א פאַמיליע־בילד) שילדערט דוד עדעלשטאַט זיינע עלטערן אזוי:

„אָט איז די מאַמע, די ליידנדע און גוטע,
איך געדענק מיר דיין געשטאַלט.
דיין קלאָרן קאָפּ, די ליבע דיינע
פאַרפלאָכטן איז מיט פּיין און זאָרג.

„און דו, מיין פאָטער, מיין פאַרטראַכטער,
גרויער און געטרייער,
עס אָטעמט פון דיין בילד מיט צאַרטקייט,
מיט ערלעכקייט פּאַטריאַרכאַלער." *)

קאַלוגע, אַן אַלטע רוסישע שטאָט, איז געלעגן ווייט אויסערן תחום (די געגנט, וואו אידן האָבן געמעגט וואוינען אין צאַרישן רוסלאַנד). די עטלעכע צענדליק אידישע פאַמיליעס אין קאַלוגע זיינען באַשטאַנען צום גרעסטן טייל פון אויסגעדינטע ניקאָלייאַישע סאָלדאַטן און פון באַלמעלאָכעס. קיין רעליגיעזע אַנשטאַלטן האָבן זיי ניט געהאַט. דוד עדעלשטאַט האָט דעריבער ווייניק וואָס געוואוסט פון דער טראַדיציאָנעלער אידישקייט. דאָס ביסעלע אידישקייט פון אָט־דעם מין, וואָס דוד עדעלשטאַט ווייזט אַרויס אין זיינע שריפטן, האָט ער זיך דערוואָרבן מיט יאָרן שפּעטער אין אַמעריקע, ווען ער האָט געאַרבעט אין „סוועט־שאַפּ" מיט וואויל־קענעוודיקע אידישע ארבעטער פון מזרח־אייראָפּע. ער האָט אויך ניט באַזוכט קיין רוסישע שול; לייענען און שרייבן רוסיש האָט ער זיך אויסגעלערנט ביי א פּריוואַטן לערער.

גאָר יונג הויבט אָן דוד עדעלשטאַט שרייבן לידער אין רוסיש. ער באַזינגט די נאַטור (דעם קאַלוגער טייך אָקאַ, די אַרומיקע געדיכטע וועלדער און דעם געזאַנג פון קאַלוגער נאַכטיגאַל). ער שרייבט אויך געלעגנהייט־לידער (איינס פון זיי, א נעקראָלאָג אויפן פּריצייטיקן טויט פון א פּוילישן פאַרשיקטן דאָקטאָר אין קאַלוגע, איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער אָרטיקער צייטונג:

*) אָט־די און אַנדערע ציטאַטן פון עדעלשטאַטס רוסישע לידער זיינען איבער־געזעצט פון א. גאָנטאַר פאַר מיין בוך „דוד עדעלשטאַט".

„גובערנסקיע וויעדאָמאָסטי”). אין זיין דערציילונג „ווערא” דערציילט עדעל־שטאַט, אַז אין יענע יאָרן האָבן די גוטע מיינונגען וועגן זיין „קינדערשן טאַלאַנט” אָנגעפילט זיין „יונגע ברוסט” מיט „רייכע, אָפטמאָל ווילדע האָפענונגען”. ער פלעגט חלומען, אַז ער וועט נאָך אַמאָל „זיין אַ בייראָן אָדער אַ שעקספיר”. זיין „ליידנשאַפט פאַר פּאָעזיע, איבערהויפּט פאַר די רוסישע דיכטער ניקיטין און נעקראַסאָוו” — דערציילט עדעלשטאַט — האָט זיך פרי דערוועקט אין זיין האַרץ. ער האָט „פאַרבראַכט פיל טעג און נעכט איבער זייערע מייסטערהאַפטע שילדערונגען פון די ליידן און זאָרגן פונעם אָרעמען רוסישן פאָלק”.



דוד עדעלשטאַטס עלטערן

אין עלטער פון 15 יאָר האָט שוין דוד עדעלשטאַט צווישן זיינע פריינט און באַקאַנטע געטראָגן דעם נאָמען פּאָעט. זיינע צוויי עלטערע ברידער אַראָשאַ (אהרן) און אַבראַשאַ (אברהם), וואָס האָבן געאַרבעט אין קיעוו, נעמען אים דאַן אַריבער צו זיך אין דער גרויסער שטאָט, וואו עס זיינען געווען בעסערע בילדונג־מעגלעכקייטן ווי אין דער פאַרוואָרפענער קאַלוגע.

אין קיעוו האָט דער יונגער עדעלשטאַט אויך געהאַט מער געלעגנהייט ווי אין קאַלוגע זיך צו באַקאָנען מיט דער פּאָלקיסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענער צייט. דאָרט זיינען דעמאָלט געווען טעטיק דער באַנייטער דרום־רוסישער אַרבעטער־פאַרבאַנד און אַ ריי סטודענטישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. אַ טייל פון די דאָזיקע סטודענטן און רעוואָלוציאָנערן פלעגן אויך אַריינקומען אינעם שוסטער־וואַרשטאַט פון זיין ברודער אַבראַשאַ.

דער יונגער עדעלשטאַט איז, קומענדיק אין קיעוו, געווען אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין לייענען די קלאַסישע רוסישע ליטעראַטור און אין שרייבן רוסישע לידער. זיינע לידער פון יענער צייט זיינען פול מיט יוגנטלעכער באַגייסטערונג פאַר דער שיינער נאַטור.

אַריבערגעקומען פון דעם קאַלטן צפון צום זוניקן דרום, איז דער יונגער עדעלשטאַט באַרוישט פון ליכט און פאַרב. ווען ער גיט אַ קוק אויף דער „הייליקער געטין פרילינג", פאַרגעסט ער, לויט זיינע לידער, מענטשלעכע מי און ליידן. ער חלומט וועגן „אַ הייליקע פייע", וואָס קומט צו אים אַרונטער פון די וואָלקנס, און „דורכן געמיינעם פענצטערל" פון זיין קבצנישער וואוינונג זעט ער אַריינדרינגען „די רעגנבויגנדיקע זון מיט אַ מיליאַרד פורפור־שטראַלן". זיין ליבע צו דער נאַטור און זיין לעבנס־פרייד ווייזן זיך באַזונדערס אַרויס אין אַזוינע לידער ווי „צוויי יאָדלעס", וואו ער מאָלט אַ לאַנדשאַפט פרילינג־צייט:

„ליב איז געווען זיי,
ווען עס איז געקומען
פון פרילינג דער הייליקער גאָט,
און אַלץ האָט געגרינט און געטאַנצט און געזונגען,
געפרייט זיך אין איין קאַראַהאָד."

דאָס זאָרגלאָז לעבן און דיכטן פונעם 15־יאָריקן דוד עדעלשטאַט דויערן ניט לאַנג. אין קעגנוואַרט פון זיין „געטין פרילינג", און ביי דער פולער שיין פון איר „רעגנבויגנדיקער זון", האָט די צאַרישע רעגירונג אָרגאַניזירט אַ פּאָגראָם אויף די אידן אין קיעוו (דעם 8טן מאַי, 1881). דאָס צאַרטפילנדיקע אינגל ברעכט צוזאַמען ביים אָנבליק פון די צעיושעטע פּאָגראָמשטשיקעס. ער פאַלט אַריין אין אַ היץ־קראַנקהייט און ווערט צוגענומען אין ציטווייליקן שפּיטאָל פאַר די פּאָגראָם־געליטענע אידן. סטודענטן פון קיעווער אוניווערזיטעט, וואָס האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף די אידישע פאַרוואונדעטע, געפינען אין עדעלשטאַטס קעשענעס זיינע רוסישע לידער. זיי פאַראינטערעסירן זיך מיט אים, זיי זיינען גרייט אים העלפן זיך צוגרייטן צום אוניווערזיטעט. ער ווערט דורך זיי אַן אַריינגייער ביי דר. מאַנדלשטאַמען

אין הויז. דער לעצטער נעמט אים אריין אין דער ביוראָ פון קאָמיטעט, וואו עס ווערט געטיילט הילף צו די פּאָגראָם־געליטענע.

דער פּאָגראָם אין קיעוו, ווי אין אַלע אַנדערע געגנטן, האָט געטראָפן דער עיקר די אידישע אַרבעטער־מאַסן און דער אידישער אָרעמשאַפט. די רייכע אידן האָט דער קיעווער פּאָליציימייסטער פאָראויס געוואָרנט. ער האָט זיי אויך געגעבן שוץ. געליטן האָבן הויפּטזאַכלעך ארבעטער, באַלמעלאָכעס און קליין־הענדלער, וועמעס ביסל אייגנטום ס'איז אין גאַנצן פארניכטעט געוואָרן. פון די 750 פאַמיליעס (3150 נפשות), וואָס האָבן ניט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, זיינען געווען 403 פאַמיליעס פון ארבעטער און באַלמעלאָכעס; דערצו נאָך האָט זיי די צאַרישע פּאָליציי מיט באַזונדערער אכזריות געטריבן פון קיעוו. דער צאַרישער מיליטערישער טריבונאַל האָט ריינגעוואַשן די פּאָגראָמשטשיקעס. ווען אַ אידישע דעפּוטאַציע האָט אַפּעלירט צום קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט ער איר געענטפערט: אויב אייך געפעלן ניט די היגע באַדינגונגען, טאָ גייט קיין ירושלים. די ברייטע מאַסן אידישע פּאָגראָם־געליטענע האָבן אָבער ליבער אויסגעווילט צו פאָרן קיין אמעריקע. דער דאָזיקער עמיגראַציע־שטראָם האָט אויך מיטגעריסן דוד עדעלשטאַט. ער פאָרט קיין אמעריקע צוזאַמען מיט אַ קיעווער סטודענטן־גרופּע, „עם־עולם" (אייביק פאָלק), וואָס פּלאַנט צו גרינדן אין אמעריקע אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע אויף קאָמוניסטישע יסודות. דער עיקר אָבער האָט עדעלשטאַט דעמאָלט אין זינען זיך צו פאַראייניקן אין אמעריקע מיט זיינע צוויי עלטערע ברידער (פון איין מאַמען): אַראָשאַ (אהרן) און גרישאַ (הירש) מוטשניקאָוו.

# אין אַמעריקע

דער 16־יאָריקער דוד עדעלשטאַט האָט, פּונקט ווי די עלטערע מיטגלידער פון דער „עם־עולם"־גרופּע, זיך פאָרגעשטעלט אמעריקע אַלס אַ לאַנד פון פרייהייט און גלייכהייט. זיינע געפילן פון דער רייזע קיין אמעריקע דריקט ער אויס אין זיינע רוסישע לידער. אין איינעם פון זיי שילדערט ער „צוויי אימיגראַנטן אין אומעט פאַרטיפט". ער זעט, אז פון זייערע אויגן רינען טרערן, פרעגט ער זיי צי טראַכטן זיי וועגן זייערע נאָענטע אין דער היים, און ער פאַרענדיקט זיין ליד אַזוי:

„וואַרפט אָפּ די זאָרג: מיר וועלן אין אַמעריקע
קיין איינציקע טרער ניט פאַרגיסן;
נאָר לאַבן, פריינט, ביז היסטעריקע,
מיר וועלן בלויז גליק דאָרטן וויסן."

דער אַמעריקאַנער־אידישער פאַראיין צו העלפן די ניי־געקומענע אימי־גראַנטן זאָגט זיך אָפּ צו קאָלאָניזירן די „עם־עולם"־גרופּעס. עדעלשטאַט פאָרט דאַן אָפּ פון ניו־יאָרק קיין סינסינעטי, וואו זיינע ברידער האָבן גע־

וואוינט. ער ווערט דאָרט באַקאַנט מיט אַ גרופּע ראַדיקאַלע אידישע אַרבעטער, צום גרעסטן טייל רוסיפיצירטע אידישע שניידער: זאָלאָטאַראָוו, זאַסלאַווסקי, לוקאָווסקי, מייטוס און אַנדערע. עס דויערט ניט לאַנג און ער ווערט אויך אַריינגעצויגן אין דער זעלביקער אינדוסטריע. זיין עלטסטער ברודער האָט דעמאָלט געהאַט אַ גוט־באַצאָלטע שטעלע אַלס בוכהאַלטער אין אַ קליידער־געשעפט און איז געווען גרייט אויסצוהאַלטן אויף זיין חשבון די אינגערע צוויי ברידער. אַ דאַנק זיין עלטערן ברודער, האָט דעריבער דוד עדעלשטאַט בעסערע באַדינגונגען פאַר שטודירן ווי זיינע חברים, זאָלאָטאַראָוו און מייטוס, וועלכע ווערן שפּעטער דאָקטוירים. ער וויל אָבער ניט שטודירן אויפן ברודערס חשבון. אים ווילט זיך לעבן פון אייגענער פּראַצע און פון פיזישער אַרבעט. לערנט ער זיך אויס אַרבעטן אויף אַ קנאָפּ־לאָך־מאַשין, און הויבט אָן דאָס לעבן פון אַ שאַפּ־אַרבעטער.

ווי אַ סך אַנדערע אימיגראַנטישע אַרבעטער פון צאַרישן רוסלאַנד, איז דוד עדעלשטאַט צוערשט געווען צופרידן מיטן אַמעריקאַנער לעבן. באַלד ביי זיין אָנקום האָט ער אָנגעשריבן אַ רוסיש ליד מיטן נאָמען: „אין אַמעריקע", וואו ער דריקט אויס זיין פרייד, וואָס ער געפינט זיך שוין אין דעם „פרייען לאַנד". ער פאַרשטייט נאָך ניט די שפּראַך, זאָגט ער, אָבער זיין ברוסט פילט די פרייהייט און „אָטעמט פריי און טיף". גלייבט ער, אַז דאָ אינעם לאַנד „גייט אום אויף דער פרייהייט שיינקייט, וואַרהייט אָן אַ צאַם". ווען ער קריגט אַ פאַמיליע־בילד פון דער אַלטער היים, ענטפערט עדעלשטאַט דער פאַמיליע אין אַ רוסיש ליד, „פאַמיליע־פּאָרטרעט", אַז ער וועט זיין גליקלעך, ווען דער פאָטער וועט זיך שוין געפינען אין אַמעריקע, אין דעם „לאַנד פון פרייהייט", וואו ער וועט קאָנען „רואיק אָפּאָטעמען פון דעם שטורעם, פון דעם לעבנס שלעכטן וועטער". ביסלעכווייז, אָבער, הויבט אָן עדעלשטאַט זיך צו אַנטוישן אין אַמעריקע. אין אַ רוסיש ליד „פון דער ניט־ווייטער פאַר־גאַנגענהייט" שילדערט ער וואָס ס'איז געוואָרן פון אַ גרופּע אינטעליגענטישע אימיגראַנטן: דער מאָלער איז געוואָרן אַ שוסטער, דער פּאָעט — אַ שניידער און דער פילאָזאָף — אַ שמיד...

## דער קאַמף פאַרן אַכט-שטונדיקן אַרבעטס-טאָג

דוד עדעלשטאַט געפינט ניט אין אַמעריקע קיין אידישע אַרבעטער־באַוועגונג. זי הויבט זיך אָן ערשט אין זיין צייט. אין די גרעסערע אינ־דוסטריעלע צענטערס האָט עס וויניק געדויערט. אין סינסינעטי האָט עס גענומען לענגער. סוף־כל־סוף אָבער דערגרייכט די כוואַליע פון דעם פּראָלע־טאַרישן קלאַסן־קאַמף אויך צו דעם ראַדיקאַלן אידישן קרייז אין סינסינעטי, און צו דעם 19־20־יאָריקן שאַפּ־אַרבעטער דוד עדעלשטאַט. די שטאַרקסטע ווירקונג אויף זיין לעבן און שאַפן האָט געהאַט דער קאַמף פאַרן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן און דער מאַרטירער־טויט פון זיינע אָנפירער אין שיקאַגאָ. ער קריגט גענויע ידיעות

וועגן דעם דורך די לעקציעס פון אַלבערט פּאַרסאָנס אין סינסינעטי, וועלכער איז אַהין געקומען פון שיקאַגאָ צוגרייטן די דאָרטיקע אַרבעטערשאַפט צום געפּלאַנטן גענעראַל־סטרייק דעם 1טן מאַי, 1886 (אָנצוהייבן איבערן גאַנצן לאַנד דעם קאַמף פאַרן אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג).

אַלבערט פּאַרסאָנס, דער רעדאַקטאָר פון דער ענגלישער אַנאַרכיסטישער צייטונג „אַלאַרם”, וואָס איז אַרויס אין שיקאַגאָ, מאַכט אויף עדעלשטאַטן אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. נאָכדעם ווי פּאַרסאָנס און זיינע חברים ווערן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן וואַרפן אַ באָמבע אויף דער פּאָליציי, ווען זי באַפאַלט די באַוואוסטע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אויפן „היימאַרקעט־סקווער” אין שיקאַגאָ, און זיי ווערן פאַראורטיילט צו דער תליה, קאָן דער יונגער עדעלשטאַט ניט מער געפינען קיין רו אין סינסינעטי. ער פאָרט דאַן אַריבער קיין ניו־יאָרק, וואו די דאָרטיקע אַרבעטער האָבן צום ערשטן מאָל געשאַפן אַ פאַראייניקטן פראָנט אויפן פּאָליטישן געביט. זיי אָרגאַניזירן אַ „פּאַראייניקטע אַרבעטער פּאַרטיי”, צו דערוויילן זייער קאַנדידאַט (הענרי דזשאָרדזש) פאַר מעיאָר. זיי האָפן דורך דעם צו צווינגען די אַמעריקאַנער בורזשואַזיע, זי זאָל שאַנעווען די לעבנס פון די פּאַראורטיילטע אַרבעטער־פירער אין שיקאַגאָ. אויך דוד עדעלשטאַט וואַרפט זיך דעמאָלט אַריין אין פּאָליטישן קאַמף. ער פאַרבלייבט אָבער ניט אין ניו־יאָרק ביז צום וואַלטאָג. אין אָקטאָבער 1886 קומען אָן קיין ניו־יאָרק זיינע עלטערן פון רוסלאַנד, צוזאַמען מיט זייער גאַנצן הויז־געזינט. ער נעמט זיי אַראָפּ פון שיף און פאָרט מיט זיי אַוועק צו די עלטערע צוויי ברידער אין סינסינעטי.

***

ווי אַ סך אַנדערע רוסיש־אידישע ראַדיקאַלן אין סינסינעטי, איז דוד עדעלשטאַט די ערשטע עטלעכע יאָר ניט געווען פאַרבונדן מיט די אָרטיקע אידיש־רעדנדיקע אַרבעטער. ער האָט געלייענט, געשריבן און גערעדט בלויז אין רוסיש און זיך אינטערעסירט הויפּטזאַכלעך מיט די אָנגעלעגנהייטן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. ערשט דער קאַמף פאַרן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און די אָנשטרענגונגען צו ראַטעווען די שיקאַגער אַרבעטער־פירער פון דער תליה, דערנענטערן אים און זיין קרייז צום קלאַסן־קאַמף אין אַמעריקע. זיי הויבן זיך אָן אינטערעסירן מיט דער לאַגע פון דער אָרטיקער אידישער אַרבעטערשאַפט. אָננעמענדיק, אַז אין דער הינטערשטעליקייט פון די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן האָט אַ היפּשע שולד די רעליגיע, גיבן זיי זיך אָפּ דער עיקר מיט דעם אַנטי־רעליגיעזן קאַמף. זיי גרינדן אַן אַפּיקורסים־קרייזל, צו וועלכן עס שטייען צו אויך ראַדיקאַלע משכילים, ווי דער דיכטער דוד גרינבערג (זאַהיק) א.ד. גל. גלייכצייטיק ווערט עדעלשטאַט אויך טעטיק אויפן טרייד־יוניאָן געביט. ער זוכט צו אָרגאַניזירן זיין קנאָפּ־לאָך־נייער פאַך (באָטן־האָל־מייקערס) און די באַלעבאַטים שטעלן אים דערפאַר אויפן שוואַרצן צעטל, וואָס מאַכט אים שפּעטער אַרבעטלאָז. ער נעמט אויך אַ שטאַרקן אָנטייל אין דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון

די שיקאַגער אַרבעטער־פירער און ווערט אַרעסטירט פאַר אָט־דער טעטיקייט זיינער.

די געזעצלעכע דערמאָרדונג פון די שיקאַגער אַרבעטער־פירער דעם 11טן נאָוועמבער, 1887, טרייבט עדעלשטאַטן צו פאַרצווייפלונג. ער איז נאָך דעמאָלט געווען הויפּטזאַכלעך אַ פּאָלקיסט. ער האָט געגלויבט אין אַן אַלגעמיין־מענטשלעכער גערעכטיקייט און אין אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן גע־ויסן. ס'מאַכט דעריבער אויף אים אַ באַזונדער שווערן איינדרוק דער פאַקט, וואָס די אַמעריקאַנער בירגערלעכע געזעלשאַפט האַלט פאַר גערעכט און געוויסנהאַפטיק צו דערמאָרדן מענטשן פאַר זייער טעטיקייט צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן. אין זיין פאַרצווייפלונג איז עדעלשטאַט אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער. ער האָט ניט געקאָנט מער אַרבעטן ביי זיין שניידער־פאַך. ער זוכט זיך צו ראַטעווען פון זיין גענדריקטן צושטאַנד דורך אָפּפאָרן קיין ניו־יאָרק. לאַנג אָבער קאָן ער דאָרט ניט פאַרבלייבן. די אַרבעט אין די ניו־יאָרקער „שוויץ־שעפּער" איז געווען שווער, די לעבנס־באַדינגונגען — שוידערלעכע. עס פעלט אים די צערטלעכקייט פון דער היימישער סביבה פאַר זיינע צערודערטע נערוון און ער קומט באַלד צוריק אין סינסינעטי.

צוריקגעקומען קיין סינסינעטי איז שוין דוד עדעלשטאַט ניט געווען דער זעלבער, וואָס פאַרן 11טן נאָוועמבער, 1887. ער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט טיפן האַס צו דער פאַלשער דעמאָקראַטיע פון דער אַמעריקאַנער בור־זשואַזיע, ווי ער האָט עס אויסגעדריקט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער (מערץ, 1889) אין זיין אידיש ליד „נאַטור און מענטש":

„פאַראַן אויך פרייע רעפּובליקן,
וואָס זיינען נאָר פריי אויף דעם פּאַפּיר;
און פול מיט קנעכט זיינען דאָרט די פאַבריקן,
און יעדער הערשער — אַ וואַמפּיר."

זיינע מאַנוסקריפּטן (רוסישע לידער און רוסישע פּראָזע) פון יענער צייט (1887־1888) האָבן שוין מאָטיוון פון קלאַסן־קאַמף, כאָטש זייער מאָטיוו איז זיין ביטערע אַנטוישונג אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. נאָר לאַנג בלייבן אין סינסינעטי קאָן ניט עדעלשטאַט, אים ציט צום ברויזיקן קלאַסן־קאַמף אין ניו־יאָרק. אין אָנהויב נאָוועמבער, 1888, באַזעצט ער זיך דאָרט ווידער. ער איז באַגייסטערט פון דעם רווישיקן לעבן אין ניו יאָרק. אין אַ בריוו פון 11טן נאָוועמבער, 1888, שרייבט עדעלשטאַט אַהיים, אַז „אין ניו־יאָרק לעבט זיך מערקווירדיק שנעל". פאַר איין טאָג פילט מען אָפּט דורך אַזוי פיל, וויפיל מ'וועט „אין דער רואיקער פרידלעכער שטאָט סינסינעטי ניט דורכפילן און ניט דורכטראַכטן פאַר גאַנצע פינף יאָר"; אַז די ניו־יאָרקער איינדרוקן האָבן אים „פאַרפלייצט ווי אַ קאָכעדיקער שטראָם". ער מערקט דאָרט אַ „ניי לעבן, נייע כחות, לערע פון אמתן, זעלבסט־בילדונג און גיריקע שטרעבונגען צו ליכט" — „ספּעציעל אין די אידישע קרייזלעך".

באַזונדערס איז עדעלשטאַט דעמאָלט באַגייסטערט פון דער גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג (דעם 11טן נאָוועמבער) אין קופּער־יוניאָן, צום ערשטן יאָרצייט פון די שיקאַגער מאַרטירער. די רעדע פון דעם סאָציאַליסטישן פירער, סערגיי שעוויטש, רירט עדעלשטאַטן ביז טרערן. דער ענטוזיאַזם פון דער מאַסע מאַכט אים פילן, „אַז דער סאָציאַליזם איז ניט קיין חלום, ניט קיין אילוזיע, אַז דאָס איז די רעאַלע צוקונפט פון דעם פאָלק".

אין ניו־יאָרק איז אַרום יענער צייט דערשינען אַ רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג אין רוסיש: „זנאַמיאַ" („די פאָן"), געגרינדעט און רעדאַקטירט פון לעאָ באַנדעס. דוד עדעלשטאַט פאַרעפנטלעכט דאָרט צוויי לידער: „פּראָלעטאַריער" (דעם 5טן יאַנואַר, 1889) און „פּיס" (יאַנואַר 17). אינעם ערשטן ליד דערקלערט ער:

„כ'בין ניט געבוירן פאַר זיסע אַריעס,
פאַר רויזן-ליבע און פאַר גליק.
כ'בין ניט קיין דיכטער, נאָר אַ פּראָלעטאַריער,
אַ קינד פאַר קאַמף און פאַר פאַבריק."

אינעם צווייטן ליד שטעלט עדעלשטאַט די פראַגע: צו וואָס דאַרפן די אַמעריקאַנער פּיס, ווען זיי האָבן אייזנבאַנען איבערן קאָפּ און אונטער דער ערד? און ער ענטפערט: די אַמעריקאַנער אַרבעטער דאַרפן האָבן פּיס אַרומצולויפן זוכן אַרבעט, אָפּצושטיין שטונדן ביי די טויערן פון די שעפער ביז עס קומט צו פאָרן דער באָס און זאָגט, אַז ער דאַרף זיי ניט. דוד עדעלשטאַט באַמערקט דערצו: „אָ, ווי זיי דאַרפן דעמאָלט האָבן די פּיס, כדי ניט צו פאַלן אין מיטן גאַס, אָן כח, אָן גלויבן, אָן האָפענונג צו די פּיס פון די דערפאָלגרייכע אויסוואורפן". די אַמעריקאַנער בורזשויען, ווידער, דאַרפן האָבן פּיס צו דריקן די אָרעמע און צו צעטרעטן די פרייהייט, צו טאָפּטשען אין שמוץ און פאַראומרייניקן „די הייליקע וואַרהייט און ליבע" און צו האָפּקען זיך ווילד אויף די קברים פון די פריינט פונעם פאָלק און פון זיינע קעמפער. ס'וועט אָבער קומען אַ צייט פון פאָלקס־נצחון, און דעמאָלט וועלן די בורזשויען ניט מער קאָנען באַנוצן זייערע פּיס אויף צו צעטרעטן די אָרעמע. דעמאָלט וועט איבער דער וועלט אַ דונער טאָן דער שטרענגער געריכט פונעם פאָלק און דער בורזשואַזער אויסוואורף וועט מוזן פאַרלאָזן די פּאַלאַצן און „אָן אַן אָטעם, ניט אומקוקנדיק זיך", אַנטלויפן „וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט"...

זיין שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע (אַרבעטלאָזיקייט) און שוואַכער געזונט שטערן עדעלשטאַטן צו פאַרעפנטלעכן נאָך רוסישע לידער זיינע. אַ געוויסע צייט אַרבעט ער אין עדיסאָנס פּאָנאָגראַף־פאַבריק, אין אָרענדזש, ניו־דזשוירזי. סוף פעברואַר, 1889, געלינגט אים ענדלעך צו קריגן אַרבעט ביי זיין פאַך, אַלס קנאָפּ־לאָך־נייער, אין ניו־יאָרק. ער ווערט דאַן זייער טעטיק אין דער גרופּע „פּיאָנערן פון פרייהייט", צו וועלכער ס'האָט אויך געהערט מאָריס ראָזענפעלד. אַרום יענער צייט הייבן אָן די פּיאָנערן אַרויסגעבן אַ

ווענכנטלעכע ארבעטער־צייטונג מיטן נאָמען „ווארהייט". דוד עדעלשטאַט ווערט אריינגעצויגן אין אָט־דער ארבעט און דורך איר אין דער אידישער ליטעראַטור.

## „וואַרהייט"

די „ווארהייט" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג אין אַמעריקע, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די פּיאָנערן האָבן געפּלאַנט צו מאַכן זייער צייטונג פאַר אַ „סאָציאַליסטיש־אומפּארטיי־אישע", אויפן שטייגער פונעם לאָנדאָנער „ארבעטער־פריינט", וואו סאָציאַ־ליסטן און אַנאַרכיסטן האָבן געאַרבעט צוזאַמען. אַלס רעדאַקטאָר האָבן די פּיאָנערן געוואָלט אַראָפּברענגען מאָריס ווינטשעווסקין, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ „פריידענקענדן" (ס'הייסט „אומפּאַרטייאישן") סאָציאַליסט. ווען דאָס געלינגט זיי ניט, ברענגען זיי אַראָפּ פון לאָנדאָן דעם אַנאַרכיסט יוסף יאַפּפּע, וואָס האָט דאָרט מיטגעאַרבעט אינעם אומפּאַרטייאישן „אַר־בעטער־פריינט". ביז וואַנען אָבער יענער וועט קומען קיין ניו־יאָרק באַ־שטימען זיי אַ רעדאַקציע פון צוויי מיטגלידער, הלל זאָלאָטאַראָוו און דוד עדעלשטאַט. אַלס דיכטער פון רוסישע לידער, ווערט עדעלשטאַט אויך אויפ־געפאָדערט צו שרייבן פאַרן ערשטן נומער „ווארהייט" (15טן פעברואַר, 1889) אַ באַגריסונג־ליד אין אידיש.

דוד עדעלשטאַט איז ניט געווען זיכער, אַז ער וועט געפינען גענוג אידישע ווערטער פאַר אַזאַ ליד. ער זוכט אַ מוסטער און געפינט עס, אָדער זיינע חברים ווייזן עס אים אָן, אין ווינטשעווסקיס ליד „צורוף צום אַר־בעטער־פריינט", געשריבן אין יולי, 1885. עדעלשטאַט רופט אָן זיין ליד „צורוף דער ווארהייט" און מאָדעלירט עס לויט ווינטשעווסקיס באַגריסונג. ער נעמט אויך פון דאָרטן זיינע גראַמען: ווארהייט—קלאָרהייט, ברידער—גלידער, וועלט—געלט. אויך זיינע איבעריקע גראַמען (הערצן—שמערצן, שטראַלן—פאַלן, נאַכט—מאַכט, קנעכט—רעכט) און אַ גאַנצע ריי אויס־דרוקן, נעמט ער פון ווינטשעווסקיס דעמאָלט באַקאַנטע לידער. דאָך פילט זיך שוין דאָרט עדעלשטאַטס אייגענער וועג, אין וועלכן ער דריקט אויס זיין סאָציאַלע לאַגע אַלס אַרבעטער. צום ביישפּיל: דאָרט, וואו ווינטשעווסקי זאָגט צום „אַרבעטער־פריינט": קלער אויף „מיינע אָרעמע ברידער", בעט עדעלשטאַט ביי דער „ווארהייט": קום דערקלער „אונדז"... ער טראָגט אויך אריין פּרינציפּיעלע ענדערונגען. דאָ וואו ווינטשעווסקי רעדט פון „לערע", רעדט עדעלשטאַט פונעם „קאַמף".

אין זיין צווייטן ליד, „געדאַנקען אין פאַבריק" (22טן פעברואַר, 1889), פּרואווט זיך עדעלשטאַט באַנוצן מיט דער פאָרם פון די פאָלקלאָר־לידער, וואָס ער האָט געהערט אידישע אַרבעטער זינגען אין די שניידער־שעפּער. דאָס ליד הויבט זיך אָן מיט די דאָזיקע שורות:

„עס לויפן די רעדער, עס רוישן די מאַשינען —
פון קאַפּיטאַליסטן געפאַנגענע בינען ;
זיי קלייבן פאַר רייכע דעם האָניק צוזאַמען
און פאַר די אַרבעטער ביטערע סמען."

אַ סך אויסדרוקן פון דעם ליד „געדאַנקען אין פאַבריק" חזרן זיך איבער אין עדעלשטאַטס שפּעטערדיקע לידער. צום ביישפּיל, די ווערטער „ביטערע סמען", „אַרבעטער־טרערן", „די וועלט איז אַ פינצטערער יאָמער־טאָל", „מענטשן זיינען קנעכט", „איין ברודער דעם צווייטן גזלט", יעדער טויט פון אַ פרייהייט־מאַרטירער רופט צום „קאַמף און ראַכע", „ניט אייביק וועט הערשן די פינצטערע נאַכט", און אַ „פרייע גליקלעכע מענטשהייט" וועט „באַזיצן די ערד".

אין זיינעם אַ בריוו, פון דעם 28טן פעברואַר, צו דער שוועסטער, שרייבט עדעלשטאַט, אַז אין דעם ליד „געדאַנקען אין פאַבריק" איז פאַראַן בדחנות... דאָך איז ער שוין ביי זיך מוטיקער ; ער פאַרשטייט, אַז פריער—שפּעטער וועט ער באַהערשן די אידישע שפּראַך און וועט ווערן אַ דיכטער פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן. זיין דריטן ליד, „אין קאַמף", האָט עדעלשטאַט שוין מאָדעלירט לויט דער פאָרם פון זיינע רוסישע לידער, וועלכע זיינען כמעט אַלע געשריבן אין קרייץ־גראַמען (געגראַמטע שורות : איינס—דריי, און צוויי—פיר). מיט דעם ליד „אין קאַמף", געשריבן אין פיר־שורהדיקע סטראָפעס, איז עדעלשטאַט שוין געווען צופרידן. ער רעקאָמענדירט זיין שוועסטער עס צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פונעם ליד : „איך זיץ ביי מיין אַרבעט", וואָס דער אַלטער שניידער זאָלאָטאַראָוו (דער פאָטער פון דר. הלל זאָלאָטאַראָוו) פלעגט זינגען אין זייער ראַדיקאַלן קלוב אין סינסינעטי. עדעלשטאַט איז „ביז טרערן צופרידן", וואָס זיין „טאַטינקע" וועט „איצטער קאָנען אליין לייענען די פּאָעזיע פון זיין פּאָעט". און „איך אַליין", שרייבט ער ווייטער אין זיין רוסישן בריוו, „בין איצטער אויך איינגעליבט אין דער אידישער שפּראַך, און געפין אַז זי איז זייער מוזיקאַליש און פּלאַסטיש אויף אויסצודריקן דעם פאָלקס ליידן און זיינע האָפענונגען אויפן זיג פון אמת און ברידערלעכקייט".

עדעלשטאַטס ליד „אין קאַמף" ווערט באַלד זייער פּאָפּולער. אַ יאָר שפּעטער שטעלט מאָרים ראָזענפעלד אין איין ריי עדעלשטאַטס „אין קאַמף" מיט ווינטשעווסקים „מאַרסעליעזע", וועלכע ער באַטראַכט פאַר פּראָלעטאַרישע מוסטער־לידער. מאָרים ראָזענפעלד ווענדט זיך דאָרט צו די רעוואָלוציאָנערע דיכטער מיט דער פאָדערונג :

„זינגט אונדז איצט דאָס ליד „אין קאַמף",
זאָל דונערן די מאַרסעליעזע !"

ניט ווייניקער דערפאָלג האָט געהאַט עדעלשטאַטס ליד „די צוואה" (מערץ 22). זיינע חברים האָבן באַלד צוגעפּאַסט צו זיינע ווערטער אַ מעלאָדיע פון אַ רוסישן רעוואָלוציאָנערן ליד. די רעאַקציע פון דער „וואַרהייט" האָט צו דעם דאָזיקן ליד געגעבן אַזאַ אָנמערקונג : „שרעקט זיך ניט, פריינדע !

אונדזער ווערטער פּאָעט עדעלשטאַט שטאַרבט נאָר ביז די נעקסטע וואָך..."
דאָך האָט עדעלשטאַט געפונען פאַר נויטיק צו שרייבן צו דער שוועסטער:
„מיין ניט, איך בעט דיך, אַז איך בין אויפן שוועל פונעם אייביקן לעבן;
עס האָט מיך פּשוט פאַרכאַפּט דאָס בילד... די פּאָעטן זיינען זייער אַ מאָדנע
פאָלק, אויב ניט קיין נאַרישע." דערביי באַמערקט ער, אַז די „צוואה" זיינע
„איז אַ סך אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ביי זיי איז אויסגעוואַקסן אַן אַפּעטיט צו
אַזאַ פייערלעכער לויה"...

פון עדעלשטאַטס פערצן געזונגענע לידער, זיינען אַכט („אין קאַמף",
„די צוואה", „נאַטור און מענטש", „אין לאַנד פון די פּיראַמידן", „מיין
לעצטע האָפענונג", „דער שניידער", „דער אַרבעטער" און „דער וועקער")
געשריבן אין דער „וואַרהייט", אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1889. דריי
פון זיי: „אין קאַמף", „די צוואה" און „דער אַרבעטער", זיינען אויסגענוצט
געוואָרן אין דעם פאָלקלאָרישן אַרבעטער־ליד און זיינען געזונגען געוואָרן
אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן. די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין אַלטן
רוסלאַנד פלעגן די דאָזיקע לידער אויך באַנוצן פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן.
די צאַרישע רעגירונג פלעגט דעריבער פאַרפאָלגן די אַרבעטער, ביי וועלכע
מען האָט געפונען עדעלשטאַטס לידער.

***

דוד עדעלשטאַט קריגט פאַר זיין אַרבעט אין זיין שניידער־שאַפּ אַכט
דאָלאַר אַ וואָך. דאָס איז לויטן געלט־ווערט פון 1889 אים געווען פול־
שטענדיק גענוג צום לעבן. אַזוי אָבער ווי ער איז פריער אַרומגעגאַנגען פיר
חדשים אָן אַרבעט, איז ער געווען איינגעטונקען אין חובות. אין אַ בריוו
צו דער שוועסטער, אין יוני, 1889, שרייבט עדעלשטאַט:

„אַלע פאָדערן און אַלעמען דאַרף מען באַצאָלן." ער האָט דעריבער
געמוזט לעבן זייער אָרעם. צוזאַמען מיט זיין חבר הלל זאָלאָטאַראָוו, האָט
ער געוואוינט ביי יענעמס עלטערן, אין אַן ענגן קעמערל, „טונקל, פייכט
און שווער צו אָטעמען". די איינציקע דעקאָראַציע אין זיין צימער איז געווען
אַ בילד פון היינע, געשענקט פון אַ פאַרערערין, אָדער ווי עדעלשטאַט דריקט
זיך אויס: „איינע אַ ליבהאָבערין פון פּאָעזיע און פּאָעטן."

שבת, דעם 25טן מאַי, האָבן עדעלשטאַטס פריינט געפייערט זיין
געבורטסטאָג. זיי האָבן עס אָפּגעלייגט (פון 21טן מאַי) אויף עטלעכע טעג
שפּעטער, ווייל שבת איז געווען דער רו־טאָג אין זיין שאַפּ. זיי האָבן פאַר־
בראַכט דעם טאָג „אויפן קליינעם אינדזל וואו עס שטייט די פרייהייט־
סטאַטוע". אין אָוונט האָבן זיי לכבוד אים געהוליעט ביז צוויי אַזייגער ביי־
נאַכט. אויף דער הוליאַנקע זיינען געווען, שרייבט ער אַהיים, סאָציאַליסטן
און סאָציאַליסטקעס, און „גלאַט מיידלעך פון זייער קרייז", פאַרערערינס
פון זיין „פּאָעטישן טאַלאַנט". עס זיינען געהאַלטן געוואָרן רעדעס וועגן
זיין „באַדייטונג אַלס פּאָעט, אַלס מענטש, אַלס פריינט א. אַז. וו.". עס איז
דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער 23־יאָריקער עדעלשטאַט האָט קיין
חשק ניט געהאַט צו פאַרלאָזן ניו־יאָרק. די פאַמיליע האָט אָבער געציטערט

איבער זיין שוואכן געזונט און געפאָדערט ער זאָל קומען צוריק אהיים. אין א בריוו צו זיין שוועסטער, אין מיטן יוני 1889, הייסט ער זי געבן צו וויסן דער סינסינעטער ביבליאָטעק, אז „דער פּלייסיקער באזוכער קומט ווידער, נאָר מיט א נייער באָרד, און מיטן נאָמען פון א אידישן פּאָעט". ער באַמערקט דערצו, אז דאָס זיינען די איינציקע צוויי זאכן, וואָס ער וועט ברענגען צו פירן פון ניו יאָרק.

צו עדעלשטאטס אנטשיידונג צוריקצופאָרן קיין סינסינעטי האָט אויך מיטגעווירקט די שלעכטע לאַגע פון דער „ווארהייט". דעם 14טן יוני איז זי ניט ארויס. דעם 21טן דערשיינט זי מיט עדעלשטאטס רוף צו די גענאָסן, אין וועלכן ער שרייבט: „די ווארהייט ליגט עלנט אין קייטן געשלאָסן, פארוואונדעט פון שרעקלעכן פיינט. א ווארהייט! וואו זיינען דיינע טרייע גענאָסן? וואו זיינען דיינע ערלעכע פריינט?" איר אונטערגאנג איז אבער שוין געווען אומפארמיידלעך.

עדעלשטאט האָט זיך באַטייליקט אין דער „ווארהייט" ניט בלויז מיט זיינע לידער. ער האָט אויך געשריבן אדרעסן פאַר איר עקספּעדיציע און געטאָן אלערליי אנדערע נויטיקע ארבעטן אין דער רעדאקציע. די גסיסה פון דער „ווארהייט" האָט אָפּגעשוואכט זיין צובונד צו ניו־יאָרק און אים לייכטער געמאכט דעם צוריקקער קיין סינסינעטי, וועלכע ער האָט באטראכט פאַר א „פארשלאָפענע שטאָט, וואָס אָטעמט קוים מיט איר מאָנאָטאָנישקייט", און געגלויבט, אז ער וועט „ווידער ניט קאָנען לאַנג זיך האלטן אין איר שטיקנדיקער סביבה". אָן דער „ווארהייט" אָבער האָבן אויך די ניו־יאָרקער אידישע ראדיקאַלן פארלאָרן ביי אים דעם חן. זיי האָבן אים אויסגעזען, אזוי ווי ער שילדערט זיי אין זיין סאטירישן מאָנאָלאָג „צווישן ניו־יאָרקער ראדיקאלן". ער באשרייבט דאָרט אָן אומפארטייאישן אידעאליסט פון א פּראָווינץ־שטעטל, וואָס באזוכט א ניו־יאָרקער קאפע־סאלון (א מין ליטעראַרישע „קיבעצארניע"): „דער פּלאַץ איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענער, געל־בלויע, שווארצע, בלאַסע, דומע געזיכטער (דומע איז אויך א מין פארב...). די געזיכטער האָבן געשמייכלט, געקרימט זיך, אָדער גלאַט אזוי טאמעוואטע גע־קוקט אין דער וועלט אריין. מען האָט געטרונקען, געגעסן, גערויכערט סיגארעטלעך, געלייענט צייטונגען, קריטיקירט, געשריען, געלאכט."

אויף דער פראגע פון זיין ניו יאָרקער באגלייטער, ווי אזוי דאָס געפעלט אים, ענטפערט דער פּראָווינציעלער יונגערמאן: „דאָס קוקט מיר אויס ווי א דול־הויז." יענער ווייזט אים דאָן אָן „א יונגן מאן, וואָס שפּילט אזוי היים אין פּינאָקל" און דערקלערט אים, „אז דאָס איז דער רעדאַקטאָר פון אָן ארבעטער־צייטונג"... ווען דער ניו יאָרקער באַמערקט, אז אין אָט־דעם פּלאַץ פארברענגען זיי די צייט „נאָך דער ארבעט, נאָך די פארזאמלונגען", פרעגט אים דער גאַסט פון קאָנטרי: „און ווען לייענט איר עפּעס, ווען לערנט איר?" דער ניו־יאָרקער פריינט ענטפערט: „דו ביסט א נאַר! ווער לייענט עפּעס אין ניו־יאָרק, א חוץ א צייטונג אין א קאפע־סאלון? ווער לערנט, א חוץ דער וואָס דענקט קריגן א דיפּלאָם און מאכן ביזנעס?"... דער נאאיווער פּראָווינציאַל מיינט צו ערשט, אז ער וועט זיין אימשטאנד צו

רעפאָרמירן די ניו־יאָרקער ראדיקאלע קרייזן. ער ווערט א „מיטגליד פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און אַנאַרכיסטישע פאַראיינען". ער זוכט אריינצוברענגען אין זיי א נייעם גייסט. נאָר אלס „אַן אומפּראַקטישער גרינהאָרן", ווערט ער ארויסגעוואָרפן פון אָט־די „פּראַקטישע" אָרגאַניזאַציעס. עדעלשטאַט פאַרענדיקט זיין סאַטירע דערמיט, אז דער נאַאיווער אידעאַליסט פּאַקט איין זיינע זאַכן און פאָרט אָפּ צוריק אין זיין קליין שטעטל...

**
*

עדעלשטאַטס לידער אין דער „וואַרהייט" מאַכן אים א נאָמען אַלס אידישער פאָלקס־דיכטער. ווען ער פאָרט אָפּ (סוף יוני, 1889) צוריק קיין סינסינעטי, פאַרעפנטלעכט די „ניו־יאָרקער אידישע פאָלקס־צייטונג" אַן ארטיקל וועגן אים אונטער דעם נאָמען: „דער יונגער פּאָעט עדעלשטאַט." דאָרט ווערט דערציילט, אז דער יוגנטלעכער דיכטער האָט „פאַררייזט צו זיינע עלטערן אין סינסייעטי", כדי „נאָך זיינע שווערע קערפּערלעכע ארבעט זיך אויסצורוען און זיינע שוואַכע געזונדהייט צו קרעפטיקן". דערביי ווערט געגעבן א וואַרעמע אָפּשאַצונג פון זיינע לידער. די דאָזיקע פּריוואַטע סאָציאַליסטישע צייטונג דערקלערט, אז דוד עדעלשטאַט באַזיצט אַן אמתן פּאָעטישן טאַלאַנט און איז אַן אמתער „פריינט פון די ארבעטנדע פאָלקס־מאַסן". נאָך דעם ווי די צייטונג ציטירט אייניקע סטראָפעס פון זיינע לידער: „אין קאַמף", „מיין צוואה", „נאַטור און מענטש", „וואהרע און פאַלשע העלדן", און „יציאת מצרים", דערקלערט זי, אז „די אידישע ארבעטער־פּרעסע קאָן שטאָלץ זיין אויף דיזן בליענדן פּאָעטישן טאַלאַנט".

## „פּאַסקאַרעל"

נאָכן אונטער־גאַנג פון דער „וואַרהייט" (דעם 12טן יולי, 1889) הערט אויף עדעלשטאַט ארום א האַלב יאָר צו שרייבן אידישע לידער. אַפילו זיין ליד נאָך טשערנישעווסקים טויט, פאַרעפנטלעכט אין דער „ניו־יאָרקער אידישע פאָלקס־צייטונג" דעם 12טן נאָוועמבער, 1889, איז געשריבן אין רוסיש. ערשט ווען אָט־די צייטונג גייט אונטער און איר סאָציאַליסטישער רעדאַקטאָר אבא ברעסלאַווסקי (דר. ברעסלוי) גרינדעט די פּריוואַטע אומפּאַרטייאישע ארבעטער־צייטונג „מאָרגנשטערן" (17טן יאַנואַר, 1890), דרוקט דאָרט עדעלשטאַט זיינע אידישע לידער. ער הייבט אָן מיטאַרבעטן אינעם דריטן נומער און שרייבט אונטערן פּסעוודאָנים „פּאַסקאַרעל".

פּאַסקאַרעל איז דער העלד פון אַן ענגלישן ראָמאַן (פון אואידע). זי שילדערט אים דאָרט אַלס קעמפּער צו באַפרייען די איטאַליענער פון עסטרייכישן יאָך. צוערשט טוט ער עס דורך זיין שוישפּיל־קונסט: ער פאָרט ארום מיט א וואַנדערנדיקער טרופּע און פירט אויף פּיעסן פול מיט בייסנדיקער סאַטירע אויף די אונטערדריקער, וועלכע פאַרשפּאַרן אים דערפאַר אין געפענגעניש. שפּעטער, ווען דאָס איטאַליענישע פאָלק דערהויבט זיך צום

קאמף פאַר זיין אומאָפּהענגיקייט, קעמפט פּאַסקאַרעל אויפן שלאַכטפעלד ביז צום זיג. עדעלשטאַט פאַנטאַזירט דעמאָלט צו ווערן טיילווייז ענלעך צו פּאַסקאַרעלן: שרייבן רעוואָלוציאָנערע פּיעסן פאַר א וואַנדערנדיקער טרופּע, ארומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און אויפקלערן די אונטערדריקטע מאַסן דורך שפּיל און געזאַנג.

עדעלשטאַטס לידער אין „מאָרגנשטערן", אונטערגעשריבן „פּאַסקאַרעל", צייכענען זיך אויס מיט זייער טיפער שנאה צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין איינעם פון זיינע לידער דאָרטן דערקלערט פּאַסקאַרעל (עדעלשטאַט), אז ווען אַלע שקלאַפן וואָלטן אַזוי געהאַסט די געגנוואַרט ווי ער, „וואָלטן זיי געקאָנט אין איין טאָג באַשאַפן א גאָלדענע צוקונפט פאַר זיך". פון נאַטור אויס אָבער איז עדעלשטאַט געווען, ווי ער כאַראַקטעריזירט זיך אליין: „א טרוימער, א קינד פאַרליבט אין בלומען און שטערן"; א טרוימער, וואָס „קאָן נאָר ליבן מענטשן, ליבן מער ווי זיך" — „א טרוימער, וואָס זיין האַרץ פאַרביטערט א צעטראָטענע בלום אין גאַס; זעט ער א בעטלער, ווערט ער פאַרציטערט, — א הימלאָזעם קינד מאַכט אים בלאַס".

נאָר דאָס לעבן האָט אָט־דעם נאאיוון טרוימער פאַרוואַנדלט אין א רעוואָלוציאָנערן דיכטער פאַר זיין אַרבעטער־קלאַס. דער מענטשן־ליבהאָבער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט צאָרן און האַס קעגן די, וואָס האָבן „ערד און מענטש פאַרשקלאַפט". דער פאַרליבטער „אין בלומען און שטערן", האָט ניט מער געקענט געניסן די שיינקייט פון דער נאַטור. אים האָט געשיינט, אז די לבנה און שטערן און די „זילבער־ווייסע ליליען־בלום זיינען פול מיט הייסע מענטשן־טרערן און זיינען פון שרעקן בלאַס און שטום"... אין דעם געזאַנג פון דער „זיסער נאַכטיגאַל" האָט דער דאָזיקער אַרבעטער־דיכטער געהערט „קייטן־מוזיק איבעראַל".... ער האָט געהערט „קייטן באַרבאַרישע קלינגען" אין דער כלומרשטער „פרייער רעפּובליק" און ניט געקאָנט מער זינגען פון „ליבע, לוסט און גליק"..

אַלס דיכטער האָט זיך עדעלשטאַטן אין פרילינג געטרוימט „אַזוי גערן". אַלס קעמפער, אָבער, האָט ער ניט געטראַכט פון „בלומען און שטערן", נאָר פון די „שקלאַפן־געצעלטן", וואו אפילו א „פאַרוועלקטע בלום" זעט מען זעלטן.... ער דערקלערט:

„איך טרוים ניט, ווי גליקלעכע דיכטער,
פון ווייַן און פון ליבע אין מאַי:
אָן ווייַן זיינען מיר ניכטער,
אָן ליבע זיינען מיר פריי."

זיינע רעוואָלוציאָנערע אידייען האָט עדעלשטאַט דערוואָרבן, אין דער ערשטער ריי, דורך זיינע ביטערע דערפאַרונגען אין לעבן. צוזאַמען מיט די פאַרפאָלגטע אידישע מאַסן אין רוסלאַנד האָט ער דורכגעלעבט אין זיין יוגנט די שרעקן פון צארישן טעראָר און פּאָגראָמען. צוזאַמען מיט די אומבאַהאָלפענע קרבנות פון צאַריזם וואַנדערט ער פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע.

צוזאַמען מיט זיי, פאַלט ער אריין אין „שווייץ־שאַפּ" און זעט ווי די „בייזע ווילדע רייכע" פרעסן „דאָס פלייש פון פאָלק", טרינקען זיין בלוט און ווערן ניט „קיינמאָל פון געזעץ פארפאָלגט". ער זעט בילדער פון קינדער־ארבעט, פון שווידערלעכער עקספּלואַטאַציע, פון אַלט און יונג; דער באָס צאַפּט דאָס בלוט פון זיינע קנעכט און „בלייבט דערצו אימער גערעכט". די אָרעמע פרוי „ביי אַ טענעמענט־הויז" — „וויינט און ברעכט די הענט: דער רייכער לענדלאָרד וואַרפט זי אַרויס, ווייל זי האָט ניט צו באַצאָלן קיין רענט", א. אז. וו. דאָס אַלץ דרינגט אים דורך מיט „ביטערן האַס" צו דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ער רופט צו נקמה, באַנוצט קריג־אויסדרוקן: הייסט די אַר־בעטער־מאַסן זיך באַוואָפענען מיט שפּיזן און שווערדן, אָנלאָדן די ביקסן און גיין אויף שלאַכט־באַריקאַדן צו דער „לעצטער רעוואָלוציע".

נאָך מאָריס ראָזענפעלדן באַנוצט עדעלשטאַט די רייכסטע צאָל עפּיטעטן קעגן די קאַפּיטאַליסטן. ער רופט זיי אָן: אויסבייטער (עקספּלואַטאַטאָרס), אָפּגעפרעסענע בורזשויען, באַנדיטן, באַרבאַרן, באַשיבוזשוקעס, בלוט־הינט, בעסטיעס, גאָלדענע קעלבער, הענקער, הייענעס, היפּאָקריטן, וואַלד־רויבער, וואַמפּירן, פּראָסטיטוטקעס, צוויי־פיסיקע חיות, קינס, רויבער־באַנדע, שווינדלער, שקלאַפן־הענדלער א. ד. גל. פון דער אַנדער זייט האָט עדעלשטאַט אָן אַ שיעור צאַרטע אויסדרוקן פאַרן „אַרבעטער־פאָלק", פאַר זיינע „שוועס־טער און ברידער". ער רופט זיי אָן: גוטע ליבנדע ברידער, ליבע שוועסטער, ברידער אַרבעט־לייט, ברידער פון שקלאַפעריי, גוטע קאַמעראַדן, קעמפער, דענקער, אַרבעטער־לייב, געפאַנגענע לייבן א. אז. וו.

**
*

די גרינדונג פון דער פּאַרטייאישער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער־צייטונג" פאַרשאַפט אַ סך פאַרדרוס דעם אַנאַרכיסטיש־געשטימטן דוד עדעל־שטאַט. זיין אידעאַל פון אַן אַרבעטער־צייטונג איז געווען דער לאָנדאָנער סאָציאַליסטיש־אומפּאַרטייאישער „אַרבעטער־פריינט", וואו אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן האָבן געאַרבעט צוזאַמען, און וואו די אַנאַרכיסטישע נאָטע האָט צייטנווייז געקלונגען שטאַרקער ווי די סאָציאַליסטישע... ער קומט דעריבער אָפט אין צוזאַמענשטויס מיט דער „אַרבעטער־צייטונג", ווען זי אַטאַקירט די אַנאַרכיסטן און ער — די סאָציאַליסטן... מאָריס הילקוויט, וואָס האָט אין יענע יאָרן געשריבן אידישע לידער אונטערן נאָמען „המנגן", שרייבט דעמאָלט אַ סאַטיריש ליד, אין וועלכן ער לאַכט אויס פּאַסקאַרעלס (עדעלשטאַטס) אַ ליד קעגן די סאָציאַליסטן. אויך די לייענער פון „מאָרגנ־שטערן" זיינען געווען דער עיקר באַגייסטערט פאַר עדעלשטאַטס אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס־לידער, אָבער ניט פאַר זיינע אָנפאַלן אויף די סאָציאַליסטן. אַזוי איז דאָרט באַגריסט געוואָרן זיין ליד „אַן (צו) מיינע לעזער", וואו ער דערקלערט, אַז אין זיין ליד קאָן מען הערן, ווען מ'זאָל „זיך נאָר איינהערן גוט, ווי עס רוישט דאָרט אַ טייך פון מענטשלעכע טרערן,

צעמישט מיט דעם דיכטערס בלוט!"... אַזוי אויך זיין „שטורעם־ליד", אין וועלכן ער רופט זיינע שוועסטער און ברידער אין פרייהייט־קאמף: —

„איך שרייב פאַר אייך, מיינע גוטע קאַמעראַדן,
וואָסליידן אי הונגער, אי קעלט;
און בויען אַליין די שלאַכט-באַריקאַדן
אין קאַמף פאַר אַ פרייער וועלט!"

וויניקער צופרידן זיינען די אַרבעטער־לייענער געווען פון עדעלשטאַטס ווייַנענדיקע לידער. אין אַן אָפענעם בריוו צום „ברודער פאַסקאַרעל" פון דעם שניידער־אַרבעטער ישראל באַרסקי (ישראל בן־עולם), דער גרינדער פון דער „בראָדערהוד אָוו טיילאָרס" (פאַראייניקטע שניידער־ברידער), בעט יענער



דוד עדעלשטאַט אין זיינע יונגע יאָרן, נאָך דעם ווי ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

דעם דיכטער: „וואַרף אַוועק — — — דעם שמוץ פון דער געגנוואַרט און זינג פון דער צוקונפט." אין זיין ענטפער צו ישראל בן־עולם דערקלערט פאַסקאַרעל (עדעלשטאַט), אַז ער אַליין האַסט אויך זיינע „זיפצן און טרערן", נאָר „ניט פריי איז אין זינגען דער דיכטער"... ער קאָן דערייבער „ניט פון דער צוקונפט זינגען, ווען די געגנוואַרט שטייט מיט איר שווערד! טרערן פליסן, קייטן קלינגען, באַפלעקט איז מיט בלוט די ערד".

גלייכצייטיק מיט זיין שרייבן רעוואָלוציאָנערע לידער, איז עדעלשטאַט אויך דעמאָלט טעטיק (אין סינסינעטי) אין פאַרשיידענע געביטן. ער זאַמלט

הילף פאר די סטרייקנדיקע קלאָוקמאכער אין ניו־יאָרק, ער זובט צו העלפן די רוסיש־אידישע אימיגראנטן דורך שאפן פאר זיי מיטלען איבערצוגיין צו פראָדוקטיווער ארבעט. ער לאָזט אויך ארויס א רוף צו אידישע ארבעטער זיך צו באטייליקן אין זאמלען פעטיציעס, און אין אָנווענדן אויך אנדערע מיטלען, צו באפרייען די דריי אומשולדיקע ארבעטער־פירער, וואָס זיינען ארעסטירט געוואָרן צוזאמען מיט די שיקאגער מארטירער אין מאי 1886. עדעלשטאט טרעט ארויס אין דער פרעסע מיט א רוף צו די אידישע ארבעטער זיך צו באטייליקן אין דער דאָזיקער טעטיקייט, וועלכע האָט געהאט דעם צוועק ניט בלויז צו באפרייען די אומשולדיק־פאראורטיילטע ארבעטער־פירער, נאָר אויך צו דעמאסקירן די פארשווערונג פון דער אמעריקאנער בורזשואזיע קעגן דער אמעריקאנער ארבעטערשאפט.

דעם 10טן יוני, 1890, גייט אונטער דער „מאָרגנשטערן". עדעלשטאט בלייבט אָבער ניט לאנג אָן א פלאץ וואו צו שרייבן. צוויי וואָכן שפעטער (דעם 4טן יולי) דערשיינט די „פרייע ארבעטער שטימע", וואו ער הויבט אָן מיטצוארבעטן, ווי אין דער „ווארהייט" און „ארבעטער־פריינט", אונטער זיין אייגענעם נאָמען. דעם פסעוודאָנים „פאסקארעל" באנוצט ער ניט מער.

## אַנטי-רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע

אזוי ווי דער גרעסטער טייל פון זיינע אַנארכיסטישע קאמעראדן, האָט אויך דוד עדעלשטאט געהאט ווייניק געדולד פארן עקאָנאָמישן קאמף. אָר־גאניזירן די ארבעטער אין טרייד־יוניאָנס צו קעמפן פאר „א שטיקל ברויט אָן סם און אָן קייטן", איז געווען א שווערע ארבעט צו וועלכער עס האָט זיך געפאָדערט א סך אויסדויער און געדולד. דער שטראָם פון עמיגראציע האָט כסדר געבראכט נייע רעקרוטן פאר די שוויץ־פאבריקן. גרויסע מאסן פון אָט־די נייע שאפ־ארבעטער זיינען געווען נעכטיקע קליין־בירגער. זיי זיינען געווען אנטוישט און פארביטערט. זיי האָבן זיך גאָר אנדערש פאָר־געשטעלט דאָס „גאָלדענע לאנד". פאר אָט־דעם עלעמענט איז דער פלאמיקער רוף פון יאָהאן מאָסט און אנדערע אנארכיסטישע רעדנער געווען באלזאם פאר זייערע צעוויטיקטע הערצער. דוד עדעלשטאט, וואָס איז געווען באזעלט מיט דעם אידעאליזם פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פאָלקיסטן זשעליאבאָוו, פעראָווסקי א. ד. גל., איז מיטגעריסן געוואָרן פון דעם רוף צו סאָציאלער רעוואָלוציע, צו א קאמף „אויף לעבן און טויט" קעגן דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג. ער איז אָבער ניט געווען גענוג פאראינטערעסירט אין טאָג־טעגלעכע קאמפן פאר עקאָנאָמישע פארבעסערונגען.

די הינריכטונג פון די שיקאגער ארבעטער־פירער האָט טיילווייז אָנגע־צייכנט עדעלשטאטס ווייטערדיקן וועג אין דער ארבעטער־באוועגונג. זייער גוואלדזאמער טויט דורך דעם קאפיטאליסטישן שטאט האָט אין אים אויפ־געוועקט א שטארקע עקשנות פאָרצוזעצן זייער רעוואָלוציאָנערן קאמף. זיין רוסישער פאָלקיזם, באאיינפלוסט פון די „נאראָדאָוואָלצעס", און זיין אמערי־קאנער אַנארכיזם, באווירקט פון יאָהאן מאָסט, האָבן אָבער עדעלשטאטן ניט

דערלאָזן אַריינצונעמען אין זיין פּראָגראַם דעם מוטיקן קאַמף פון די שיקאַגער מאַרטירער פאַר דעם אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג און פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן טרייד־יוניאָניזם. דוד עדעלשטאַט נעמט איבער פון די שיקאַגער רעוואָלוציאָנערן נאָר זייער צוקונפט־אידעאַל: אַנאַרכיזם־קאָמוניזם. ער טוט עס מיט אַזאַ התלהבות און תמימות, אידעאַליזם און אויפריכטיקייט, וואָס מאַכט אים פאַר איינעם פון זייערע ווירדיקסטע פאָרזעצער.

אַלס אַ שאַפּ־אַרבעטער קאָן אָבער עדעלשטאַט ניט בלייבן גלייכגילטיק צו די שווערע ליידן פון די אידישע אַרבעטער אין די „שוויץ־שעפּער". אַ טייל אידישע אַרבעטער הייבט זיך אָן אָרגאַניזירן אין טרייד־יוניאָנס און געפינט אויך דעם וועג צו דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער יוניאָן־באַוועגונג. כדי אָבער צו אָרגאַניזירן די ברייטע אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן האָט מען געמוזט זיי צוערשט אַרויסרייסן פון אונטער דעם איינפלוס פון דער קלעריקאַל־נאַציאָנאַלער אידישער פּרעסע, וואָס האָט געהעצט קעגן די, וואָס רופן צום קלאַסן־קאַמף פון אידישע אַרבעטער קעגן אידישע באָסעס. עדעלשטאַט נעמט אַ היפּשן אָנטייל אין דער אויפקלערונג קעגן רעליגיע און שאָוויניזם. ער באַטייליקט זיך אין די באַוואוסטע אַנאַרכיסטישע „תפילה זכהס"*) קעגן רעליגיע. צוערשט איז זיין אַנטי־רעליגיעז ליד געווען בלויז סאַטיריש, ווי אינעם ליד „צו די גאָטספאָרכטיקע בירגער", וואו ער דערקלערט, אַז „פּוסט און גאָטלאָז, ברידער, איז דער הימל". און עס איז „ניט מער קיין סוד", אַז „גראַדע ווי אונטן, אַזוי אויך דאָרט אויבן, גיט ניט קיין שפּור פון אירגענד אַ גאָט". אַז „דער רבונו־של־עולם זיצט ווי אַ ליימענער גולם" און גיט זיך „ניט אַפילו קיין ריר", ווען מען זידלט אים „,נאָר אָן אַ שיעור". — — — „עס איז פּשוט ניטאָ, ווער און וואָס זאָל זיך אָנהויבן רירן. וואָרים דער, ביי וועמען אַ גאָט איז נאָך דאָ, דעם פעלט אימער אין קאָפּ אַ געהירן."

וואָס וויטער ווערט אָבער ביי דוד עדעלשטאַטן דער אומקאָמפּראָמיסלעכער קאַמף קעגן רעליגיע אַלץ מער פאַרבונדן מיט דעם קאַמף קעגן דער קאַפּי־טאַליסטישער געזעלשאַפט. אין זיין ליד, „צו די פאַרטיידיקער פון פינצטער־ניש", געשריבן לכתחילה פאַר דער „תפילה זכה" פון 1890, באַנוצט שוין עדעלשטאַט גאָר אַנדערע אַרגומענטן. ער ווייזט אָן, אַז

„יעדע צייט האָט איר נייע תורה —
אונדזער תורה איז פרייהייט און רעכט;
און ביי אונדז איז די גרעסטע עבירה
צו זיין אַ געהאָרכזאַמער קנעכט."

ער טרעט דאָרט אַרויס שאַרף קעגן בוקן זיך צו די געטער „געלט־זאַק און טראָן", און רופט אויס: „איד! דיין איינציקע רעטונג איז די גרויסע רעוואָלוציאָן!"

---

*) תפילה־זכה" איז אַ באַוואוסטע תפילה, וואָס אָרטאָדאָקסישע אידן זאָגן ערב יום־כיפור. די ניו־יאָרקער אַנאַרכיסטן פלעגן אין יענע יאָרן, אונטער אָט־דעם נאָמען, אַרויסגעבן ערב יום־כיפור פאַמפלעטן אין וועלכע זיי האָבן אַרונטערגעריסן די רעליגיע און אירע פאָרשטייער.

# „פרייע אַרבעטער שטימע"

די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט, אַזוי ווי די „וואַרהייט", געזאָלט זיין „סאָציאַליסטיש־אומפּאַרטייאיש". אין לאָנדאָנער „אַרבעטער־פריינד" איז זי אַנאָנסירט געוואָרן אַלס „רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־צייטונג, אַרויס־געגעבן פון 32 אידישע אַרבעטער־סאָסייטעס". טריי צו די פּרינציפּן פון אומ־פּאַרטייאישקייט, האָבן די גרינדער פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע" באַ־שטימט פאַר איר צוויי רעדאַקטאָרן, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן און אַן אַנאַרכיסטישן. דער פאַקט אָבער, וואָס מיט אַ פינף חדשים פריער (דעם 7טן מערץ, 1890) איז געגרינדעט געוואָרן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע „אַרבעטער־צייטונג", צווינגט די „פרייע אַרבעטער שטימע" צו ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעשפּראָכן אַנאַרכיסטיש.

עדעלשטאַט באַטראַכט די „פרייע אַרבעטער שטימע", אַזוי ווי פריער די „וואַרהייט", פאַר זיין אָרגאַן. ער באַנוגנט זיך ניט בלויז מיט שיקן איר לידער און אַמאָל אויך אַן אַרטיקל, אָדער אַ קאָרעספּאָנדענץ. ער איז אויך פאַראינטערעסירט אין איר מאַטעריעלן צושטאַנד און פילט זיך אויך באַרופן אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג אין רעדאַקציאָנעלע אָנגעלעגנהייטן. ער ווערט דעריבער אויפגעפאָדערט דורכאויס צו קומען צו דער צווייטער קאָנווענשאָן (דעם 25טן דעצעמבער, 1890) פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַרויס־געגעבן די „פרייע אַרבעטער שטימע" און געדאַרפט באַשטימען איר ווייטער־דיקע עקזיסטענץ. דוד עדעלשטאַט פאָלגט דעם רוף פון זיינע חברים און קומט צו דער קאָנווענשאָן. דער פריערדיקער רעדאַקטאָר, פּ. אַ. פּראַנק (דר. מעריסאָן) וויל מער ניט טאָן די שווערע אַרבעט פון רעדאַקטירן די „פרייע אַרבעטער שטימע". נעמט עדעלשטאַט אויף זיך דעם דאָזיקן יאָך. ער שטימט אויך איין, דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן, צו קריגן באַצאָלט פאַר זיין ליטע־ראַרישער אַרבעט. דאָס איז פאַר אים געווען אַ שווערער קרבן. מיט ניין חדשים פריער (אינעם „מאָרגנשטערן" פונעם 21טן מערץ, 1890) האָט עדעלשטאַט שטאָלץ דערקלערט: „איך פאַרקויף ניט מיין מוזע פאַר גאָלד!" און דאָס איינציקע געצאָלט, וואָס ער פאַרלאַנגט פון זיינע „ליבע לעזער, שוועסטער און ברידער", איז „ליבע צו פרייהייט", „הייליקע טאַטן" און „ביטערער האַס" (צום אַרבעטער־שונא). איצט אָבער, ווען ער האָט געמוזט אָפּגעבן זיין גאַנצע צייט פאַר דער אַרבעט אין רעדאַקציע, האָט עדעלשטאַט געמוזט איינשטימען צו נעמען דערפאַר פינף דאָלער אַ וואָך. ער האָט עס אָבער געקראָגן העכסטנס איין מאָל אין דריי וואָכן. . . . און זיין דיכטערישער נאָכפאָלגער יוסף באָווש
אָווער האָט ניט איבערגעטריבן, ווען ער האָט דער־ציילט, אַז עדעלשטאַט האָט געשריבן זיין „פרייהייט־ליד" — „דאָרשטיק, הונגעריק און מיד", אַז „אויפגעאָפּפערט האָט ער אַלעס: זיך, זיין גאַנצע הויזגעזינד — רואיק זיצן פון דער ווייטן איז געווען ביי אים אַ זינד"...

דער צוזאַמענפאַר פון די 32 אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די „פרייע אַרבעטער שטימע", האָט געוואָלט באַוואָרענען איר אומפּאַרטייאישקייט דורך באַשטימען צום אַנאַרכיסטישן רעדאַקטאָר עדעל־

שטאַטן אויך אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן — י. אַראָנאָוויטש (יצחק אייזיק הורוויץ). דער לעצטער האָט געהאַלטן, אַז עס קענען אַרבעטן האַנט ביי האַנט ניט בלויז סאָציאַליסטן מיט אַנאַרכיסטן, נאָר אויך סאָציאַליסטן מיט פאַרשיידענערליי בורזשואַזע רעפאָרמיסטן. באַווירקט פון אָט־דעם עלטערן און געלערנטן מיטרעדאַקטאָר זיינעם, און דער עיקר, פון דער קאָנווענשאָן, וואו אַרבעטער־דעלעגאַטן האָבן געפאָדערט אַ פאַראייניקטן אַרבעטער־פראָנט, אַגיטירט עדעלשטאַט אַ געוויסע צייט פאַר אַזאַ שטעלונג. ער זעט אָבער באַלד איין די ניט־נאָרמאַלע סיטואַציע פון אַ צייטונג, וואָס איז אָפיציעל „סאָציאַ־ליסטיש־אומפּאַרטייאיש" און פאַקטיש — פּאַרטייאיש־אַנאַרכיסטיש. ער הויבט דערפאַר אָן אַרבעטן צו מאַכן די „פרייע אַרבעטער שטימע" פאַר אויס אומפּאַרטייאיש.

* * *

ווען עדעלשטאַט ווערט רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע" (אָנהויב יאַנואַר 1891), טרעט ער תיכף אַרויס מיט אַ רוף צו סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער טוט עס אויף זיין שטייגער, אי אין פּאָעזיע, און אי אין פּראָזע. אין אַן אַרטיקל „רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק", שטעלט עדעלשטאַט אַרויס דעם לאָזונג: „קיינע קאָמפּראָמיסן, אונטער קיינע אומשטענדן!" אין זיין ליד „וואַכט אויף!" אינעם זעלבן נומער ווענדט ער זיך צו זיינע „בראַווע קאַמעראַדן" אַרויסצוטרעטן „אויף די קאַמף־באַריקאַדן". ער אינ־סטרואירט זיי:

„קלינגט איבעראַל אין די פרייהייטס-גלאָקן!
פאַרזאַמלט די ליידנדע קנעכט!
און קעמפט באַגייסטערט, קעמפט אומדערשראָקן
פאַר אייער הייליקער רעכט!"

אונטער דער ווירקונג פון זיין סאָציאַליסטישן מיטרעדאַקטאָר איז אָבער עדעלשטאַט, ווי געזאָגט, אַ ווייל מסכים אויף אַ פאַראייניקטער טעטיקייט פון אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן. ער דריקט עס אויס אין אַ ליד און אין אַן אַרטיקל, אין וועלכע ער פאָדערט אויף די אַרבעטער־פּאַרטייען זיי זאָלן צווישן זיך ניט קעמפן. ער טענהט, אַז מ'דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פאַר דער טיר „שטייט די מאַסע", „וואָס ליידט אָן אַ שיר". ער פאָדערט, אַז די אַרבעטער־פּאַרטייען זאָלן אַרויסשטעלן זייער וואָפן קעגן דעם אמתן שונא, אָנשטאָט קעמפן צווישן זיך. זאָל יעדער פאַרטרעטן זיין פּלאַץ אויפן „סאָציאַלן שלאַכטפעלד" און איבערלאָזן צו דער צוקונפט צו באַווייזן, וועלכער צד האָט מער רעכט געהאַט אין זיינע סאָציאַלע אידייען; „וועמעס וואָפן זיינען שאַרפער און וועמעס האַרץ האָט געטריי זיך געשלאָגן פאַר דער ליידנדער מענטשהייט!"

דוד עדעלשטאַטס רוף פאַר אַ פאַראייניקטן פראָנט צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן האָט ביי קיין צד ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג. די צייט פון

סתם רעוואלוציאנערער פראפאגאנדע איז שוין געווען פאריבער, און אינעם פעריאד פון קאנקרעטע טאג־טעגלעכע ארבעטער־קאמפן איז שוין מער ניט געווען קיין ארט פאר א פאראייניקטער טעטיקייט פון סאציאליסטן מיט אנארכיסטן. א וואך שפעטער טרעט שוין עדעלשטאט ארויס מיט אן ארטיקל, אין וועלכן ער פארטיידיקט שטארק זיין אנארכיסטישן אידעאל. מארקס' רוף: „ארבעטער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!", פארבייט דארט עדעלשטאט אויף דעם רוף: „פראלעטאריער פון אלע לענדער, באוואפנט זיך!" . . . ער הויבט אויך אן ארבעטן, אז די צייטונג זאל ווערן אויס אומפארטייאיש. דאס געלינגט אים באלד און זינט יענער צייט איז די „פרייע ארבעטער שטימע" געווארן אויסגעשפראכן אנארכיסטיש. דוד עדעלשטאט זוכט דעמאלט צו געבן זיין אנארכיזם א וויסנשאפטלעכע באגרינדונג. אין אן ארטיקל „דער אנארכיזם־קאמוניזם", דערקלערט ער, אז „די אנטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט, די אפשטארבונג פון הערשאפט פון רעליגיאנס־אבערגלויבן וועלן אונדז העלפן פארווירקלעכן דעם אנארכיזם־קאמוניזם אין דער צוקונפטיקער געזעלשאפט. — — — פאליטישע פרייהייט אן עקאנאמישע איז קיין פרייהייט ניט. עקאנאמישע פרייהייט אן גלייכהייט איז ווידער ניט קיין פרייהייט. אנארכיזם־קאמוניזם פאראייניקט אין זיך פאליטישע און עקאנאמישע פרייהייט און אויך גלייכהייט."

ניט געקוקט אבער אויף זיין דערקלערונג דארט, אז פאליטישע פרייהייט אן עקאנאמישער איז קיין פרייהייט ניט, האט עדעלשטאט קיין געדולד ניט פארן טאג־טעגלעכן קלאסן־קאמף. ער האלט עס פאר אן ארויסגעווארפענער ארבעט. צו וואס, זאגט ער, „סטרייקן פאר דאס שטיקעלע שקלאפן־ברויט?" ווען מען קאן ליבער „סטרייקן פאר א פרייע וועלט". אין זיין ליד „דער לעצטער סטרייק" פראקלאמירט טאקע עדעלשטאט, אז ניט „ברויט אדער ארבעט!", נאר „טויט אדער פרייהייט!" דארף זיין דער פראלעטארישער קריגס־געשריי. דעם זעלבן געדאנק, אז די גאנצע ענערגיע פון די מאסן דארף קאנצענטרירט ווערן פארן „גרויסן אלוועלטלעכן סטרייק", פאר דעם „לעצטן סטרייק אונטער דער רויטער פאן!" — פאר דער סאציאלער רעוואלוציע — דריקט אויך אויס עדעלשטאט אין א גאנצער ריי אנדערע ארטיקלען.

די אומגליק־פאלן אין די קוילן־גרובן, ווייל די קוילן־באזיצער ווילן ניט נאכגעבן א קליינעם טייל פון זייערע פראפיטן אויף די מיטלען צו באשיצן די לעבנס פון די מיינער; די אנפאלן אויף סטרייקנדיקע ארבעטער, די פארשווערונגען צו צעשטערן זייערע יוניאנס און אומברענגען די מוטיקע קעמפער צווישן זיי — אזוינע און ענלעכע געשעענישן אויפן עקאנאמישן געביט פארשטארקן עדעלשטאטן אין זיין איבערצייגונג, אז אלע ארבעטער־כחות מוזן תיכף קאנצענטרירט ווערן פאר דער סאציאלער רעוואלוציע. ער רופט צו נקמה פאר דעם „מאסן־מארד" פון די קוילן־גרעבער. ער שרייט אויס: „פון דאס אומשולדיקע בלוט פון פראלעטאריאט וועט אנטשפרינגען די פלאמענדע בלום פון גערעכטע ראכע!" אין ארטיקל „ווידער גאלגאנס!"

פראָטעסטירט ער קעגן דעם טויט־אורטייל פון דריי אַרבעטער סטרייקער אין פּיטסבורג, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין באַפאַלן אַ סקעב.

אַן אויסנאַם צווישן זיינע שריפטן פון יענער צייט איז אַ רוסיש ליד מיט אַן ענגלישן נאָמען: „איט וואָז עי דרים” (ס'איז געווען אַ חלום). דוד עדעלשטאַט שילדערט דאָרט דאָס צוקונפטיקע רוסלאַנד, אינעם גייסט פון די רוסישע „נאַראָדאָוואָלצעס”, מיט וועלכע ס'האָבן זיך דעמאָלט אידענטיפיצירט כמעט אַלע רוסיש־אידישע ראַדיקאַלן אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, סיי אַנאַרכיסטן, סיי סאָציאַליסטן. אויפן אָרט פון קרעמעל אין מאָסקווע זעט עדעלשטאַט מאָנומענטן פאַר סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו, העסיע העלפמאַן א. ד. גל. „די באַסטיליע” (פעטער־פּאַוועלס פעסטונג) צעשמעטערט, דער צאַר איז פאַרשיקט אין סיביר, אידן האָבן גלייכע מענטשן־רעכט.

אין יענער צייט האָט אַ רוסיש־אידישער דיכטער נאָך ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד וועט פון זיך אַרויסברענגען אַזוינע פירער, וואָס קעגן זיי וועלן פאַרבלאַסט ווערן די געשטאַלטן פון די קליין־בירגערלעכע פאָלקיסטישע העלדן. דעם אַרבעטער־דיכטער פון 50 יאָר צוריק איז אויך ניט איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאַרף כלל ניט צעשטערן די פעסטונגען און פאַלאַצן פון פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, אַז זי קען זיי ליבער באַנוצן פאַרן וואוילזיין פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק.

כסדר דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וויל עדעלשטאַט אַ היפּשע צייט נאָכאַנאַנד גאָר ניט טראַכטן פון קיין אַנדער טעטיקייט ווי רופן דאָס פאָלק אויף „שלאַכט־באַריקאַדן” און „קלינגען אין די פרייהייטס־גלאָקן”. אין קאַמף קעגן דער געגנוואַרטס־פּאָליטיק פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווערט אָבער עדעלשטאַט אַלץ מער געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די טאָג־טעגלעכע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אויפגאַבן פון די אַרבעטער־מאַסן. דאָך פעלט אים נאָך אַלץ דער וועג צום ציל: די בריק צווישן געגנוואַרט און צוקונפט. ער איז שאַרף אין זיין קריטיק קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. ער דעמאַסקירט די בורזשואַזע וויסנשאַפטלער, „דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, פּראָפעסאָרן”, אַז זיי זיינען „ניט מער ווי פּרעכע געלט־מאַכער”. עס גייט זיי ניט אָן וואָס אַרום זיי „ליידן, שמאַכטן און הונגערן טויזנטער מענער, פרויען און קינדער!” ער ווייזט אָן, אַז „די קונסט איז יעצט אַ שקלאַפין פון גאָלדענעם קאַלב, אַ געפאַלענער ענגעל (מלאך), וואָס ליגט אין שמוץ פון אונזער נאָך־געלט־דורשטנדער וועלט”. ער טרעט אויך אַרויס זייער שאַרף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע, וועלכע ער דעקט אויף אַלס אַ באַזונדער גיפטיקן שונא פון די אַרבעטער־מאַסן. ווען ער קומט אָבער צו דער אַרבעטער־באַוועגונג באַנוגנט זיך עדעלשטאַט צוערשט בלויז מיט קריטיקירן דעם אָפּאָרטוניזם, אָדער ווי ער רופט עס אָן, דעם „קריכעריזם” פון די רעפאָרמיסטישע סאָציאַליסטן. ער פאָדערט דאָרט צו רעוואָלוציאָניזירן די אַרבעטער־באַוועגונג און די יוניאָנס. די מאַסן זאָלן קריגן מער רעוואָלוציאָנערע אויפ־

קלערונג, וויסנשאַפט, בילדונג. ביסלעכווייז אָבער הויבט אָן עדעלשטאַט נעמען אַ שטעלונג צו אַלע טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען, וואָס רירן אָן די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן.

ווען די אַמעריקאַנער מינען־אייגנטימער דערמאָרדן אין 1891 עלף סטרייקנדיקע מיינערס, באַנוגנט זיך שוין ניט מער עדעלשטאַט מיט „פאָדערן ראַכע פון די מערדערס". ער זוכט אויך גלייכצייטיק צו אָרגאַניזירן „אַ פאַר־טיידיקונג־קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל האָבן (פאַר) איר ציל צו זאָרגן פאַר די, וואָס פאַלן אַריין אין די פאַרבלוטיקטע לאַפּעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע אַלס פאַרברעכער קעגן געזעץ". ער פאַראינטערעסירט זיך אויך מיט דער וואוינונגס־פראַגע און רופט „צום קאַמף קעגן די שמוציקע שטיגן און פייער־פאַסטקעס פאַר די אָרעמע מאַסן". ער פאַרנעמט זיך אויך מיט דער פראַגע צו לערנען די איינגעוואַנדערטע מאַסן די ענגלישע שפּראַך. ער ווענדט זיך וועגן דעם הויפּטזאַכלעך צו די ראַדיקאַלע אידישע אַרבעטער, וואָס האַלטן זיך פאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן. ער שרייבט אַזוי:

„דער אידישער אַרבעטער איז איצט צו נאַציאָנאַל אין זיין אינטערנאַציאָנאַליז־מוס. ער וואוינט אין אידישע סטריטן, ער לעזט אידישע צייטונגען, ער גייט אין אידישע טעאַטערן. אידיש און נאָר אידיש — — — די פרעמדקייט פון דער ענגלישער שפּראַך ליגט ווי אַן אָפּגרונט צווישן דעם אידישן און אַמעריקאַנישן אַר־בעטער. אַ בריק איבער דעם אָפּגרונט קען לייגן דער אידישער אַרבעטער מיט דעם, וואָס ער וועט דערלערנען די שפּראַך פון דעם לאַנד אין וועלכן ער לעבט איצט, אַרבעט און קעמפט."

אַרום דער זעלביקער צייט איז אויך עדעלשטאַט פאַראינטערעסירט אין דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע. נאָכדעם ווי ער שילדערט די אידישע ליידן אין צאַרישן רוסלאַנד, רופט ער אויס צום אידישן אַרבעטער: שליס זיך אָן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען, „וואָס קעמפן פאַר פרייהייט, פאַר אַל־געמיינע מענטשן־רעכט און דאַן ווען דו וועסט קעמפן, וועסטו אויך קעמפן פאַר דער פרייהייט און גליק פון דעם אונטערדריקטן אומגליקלעכן אידישן פאָלק".

אין קעגנזאַץ צו די פאָרגייער פון די איצטיקע אידישע „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע" גענאָסן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט אָנגעהויבן חנפענען די גבירים און מאַכטהאָבער, איז דוד עדעלשטאַט אויך אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן אַרטיקל („באַראָן הירש") קעגן דער בורזשואַזער פילאַנטראָפּיע. זיין אויספיר איז געווען: „נידער מיט קאַפּיטאַליסטישער וואוילטעטיקייט! מיר פאָדערן גערעכטיקייט!"

* * *

דוד עדעלשטאַט האָט אויסגענוצט יעדן רעוואָלוציאָנערן געדענק־טאָג צו פּראָפּאַגאַנדירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. יעדעס ליד זיינס צו אַזאַ געלעגנהייט האָט אַן איינדרוקספולן לאָזונג צו דעם דאָזיקן צוועק. צום ביישפּיל, אין זיין ליד איבער דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789 קלינגט דער רוף: „אַרבעטער־באַנק, צו די וואַפן!" אינעם ליד „דזשאַן בראַון", ווייזט אָן אָט־

דער אַמעריקאַנער פּריוואַט-קעמפּער, אַז „פּאַלן און שטאַרבן מוז די שקלאַפעריי, אַז פעלקער פון אַלע ראַסן און פאַרבן מוזן און וועלן זיין פריי!"

אין עדעלשטאַטס ליד „לואיז מישעל" גיט די מוטיקע קאָמונאַרין דעם סיגנאַל „צום לעצטן, צום בלוטיקן שלאַכט!" די רוסישע רעוואָלוציאָנערקע סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, אין עדעלשטאַטס ליד וועגן איר, פּריידיקט „האַס צו יעדן טיראַן". אין זיינע לידער איבער די „שיקאַגער מאַרטירער" שוועבט תמיד „די גרויסע רעוואָלוציע" פאַר אַלבערט פּאַרסאָנס גייסטיק אויג. לואיס לינג שרייט אויס: „פאָרווערטס, קאַמעראַדן! פאָרווערטס מיט פאַנצער און שווערד!" און אויגוסט שפּיז רופט: „ציטערט, טיראַנען! עס שלאָגט אייער לעצטע שטונדע!"

אויף דעם זעלבן אופן פּראָפּאַגאַנדירט עדעלשטאַט די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין די גערענק-טעג, דורך זיין פּובליציסטיק. למשל, אין זיין אַרטיקל איבער דער קאָמונע מאַכט ער דעם אויספיר, אַז אָט דער „פאָלקס-פייער פון ביטערן האַס צו טיראַניי דאַרף ניט פאַרלאָשן ווערן, ביז אונזער פיינט וועט זיין פאָלקאָם פאַרניכטעט, פאָלקאָם צעטראָטן . . ." און אין זיין דערמאָנונג פון דער בורזשואַזער פאַרשווערונג קעגן די שיקאַגער אַרבעטער-פירער דערקלערט עדעלשטאַט, אַז דאָס לערנט די אַרבעטנדיקע מאַסן צו „קוקן גלייך דעם פיינט אין געזיכט . . ."

## רעדאַקציע-טעטיקייט

דוד עדעלשטאַט האָט זיך צו זיין רעדאַקציע-אַרבעט באַצויגן זייער ערנסט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יעדער קלייניקייט. באַלד ווי ער נעמט איבער די רעדאַקציע, שטעלט ער אַוועק אויף דער צייטונג אַ מאָטאָ: ניט קיין ביבלישע, ווי אין דער „וואַרהייט" און ניט קיין תלמודישע, ווי אין „אַרבעטער-פריינט", נאָר אַזאַ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן דעמאָלטיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין אַמעריקע. דאָס איז געווען די מאָטאָ, וואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט געגעבן צו זיין ערשטער לידער-זאַמלונג, „די גלאָקע" (1888), אין ענגליש און אין אידיש, נעמלעך, די לעצטע ווערטער פון דעם אַמעריקאַנישן אַרבעטער-מאַרטירער אַלבערט פּאַרסאָנס: „לעט די וואָיס אָוו די פּיפּל בי הוירד!" מאָריס ראָזענפעלד האָט די דאָזיקע ווערטער איבערגעזעצט פריי: „הערט נאָר אויס די שטימע פון פאָלק". נאָר עדעלשטאַט איבערזעצט עס ווערטערלעך: „לאָז די שטימע פון פאָלק געהערט ווערן".

עדעלשטאַט איז געווען אַ שטרענגער רעדאַקטאָר. ער האָט געדרוקט בלויז דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר נוצלעך פאַר די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. ער איז געווען זייער איבערקלייבעריש אין הינזיכט פון דרוקן לידער. אין דער צייט ווען אין דער „אַרבעטער-צייטונג" האָבן אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער געקאָנט שרייבן אויך גראַמען, האָט עדעלשטאַט בכלל זעלטן פאַרעפנטלעכט אַ ליד פון אַ צווייטן דיכטער. ער האָט אפילו ניט געדרוקט די לידער פון זיין סימפּאַטישן קאָלעגע, דוד גרינבערג (זאַהיק), וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ ראַדיקאַל. עדעלשטאַט איז אויך געווען זייער איבער-

קליבעריש מיט די פּראָזע־שרייבער. ער האָט ניט געדרוקט די אַרטיקלען און פעליעטאָנען פון אַנאַרכיסטישע טוער, אויב די דאָזיקע פּראָזע האָט ניט געהאַט קיין דערציערישן ווערט פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן. ער פלעגט דעריבער אָפּט אַליין אויספילן דעם גרעסטן טייל פון דער צייטונג.

אין אַ פעליעטאָן „אַ רעדאַקטאָרס חלום" שילדערט עדעלשטאַט אַזאַ בילד פון זיין רעדאַקטאָרישער טעטיקייט:

„ער איז געווען מיד פון זיין אַרבעט. עס איז ניט קיין קליניקייט דורכצולעזן אַ גאַנצן פּאַק אַרטיקלען לאַנג ווי דער אידישער גלות. אַ גאַנצן וואָגן מיט געדיכטע, אַ באַרג פון יוניאָן-באַריכטן, הייסט דאַנק-בריוו און זידלעריי-בריוו. . . . הייסט ווידער פאַרשיידענע פראַגן, פון קאָפּ-ברעכנדע פילאָזאָפן, ווי צום ביישפיל: „איבער אונדז זיינען די וואָלקן, איבער די וואָלקן איז דער הימל, הייסט וואָס איז איבערן הימל?"

פון דעם דאָזיקן פעליעטאָן דערוויסן מיר זיך אויך, אַז אַ סך אַנאַרכיסטישע טוער זיינען געווען אומצופרידן מיט עדעלשטאַטס שטעלונג צו די



דאָס בילד פון דוד עדעלשטאַטן איז גענומען געוואָרן אין יוני, 1889.

סאָציאַליסטן אין דער „אַרבעטער־צייטונג". מ'וואַרפט אים פאָר, אַז ער איז צו פיל „דזשענטעלמאַן", אַ „פּאָעטישער אַריסטאָקראַט", אַ „ווייך־האַרציקער טרוימער", וואָס מיינט, אַז ער האָט „צו טאָן מיט גריכישע געטער" און פאַרגעסט, אַז ער געפינט זיך „אויפן מאַרק" — „צווישן מאַרק־אידענעס" און „ווען איין מאַרק־אידענע הויבט דיך אָן צו פּאַטשן מיט אַ העכט אין צורה מוזטו כאַפּן דעם צווייטן העכט און פּאַטשן צוריק אין צורה". עס הערשט אויך אַן אומצופרידנקייט מיט זיינע פלאַמיקע קאַמף־רופן. איין אַנאַרכיסטישער „זידלעריי־אַרטיקל" זאָגט צו עדעלשטאַטן אַזוי: „דו רופסט אונז צו אַ גרויסן, צו אַ געפערלעכן קאַמף —. — — עס איז וואָר, מיר גלויבן אַלע אין אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, אָבער דאָס וועט זיין ווען דער

שמש וועט צו אונז אָנקלאַפּן אין די פענצטער און אונז זאָגן: רבותי, שטייט אויף צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן!"

ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס עדעלשטאַט איז אַזוי גיך אַנידערגעפאַלן אין ניו יאָרק. ער איז געווען קראַנק, ער האָט געליטן הונגער און קעלט, נאָך מער אָבער האָבן אים צעבראָכן זיינע ביטערע אַנטוישונגען. אין דעם זעלביקן נומער, וואו ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין „רעדאַקטאָרס חלום", האָט ער אויך געגעבן אַ געדיכט אין פּראָזע וועגן דער „מאַרסעליעזע", וואו ער שרייבט אַזוי:

„שוואַרצע געדאַנקען האָבן, ווי געדיכטע שטורעם-וואָלקן, פאַרדעקט מיין לעבנס-וועג. מיינע היילינקסטע האָפענונגען, מיינע שטאַרקסטע איבערצייגונגען, צעבראָכן פון ביטערן שטורעם, זיינען ווי פּוסטע חורבות געלעגן שטום און לעבנסלאָז."

אין זיינע בריוו צו זיין שוועסטער, דערציילט עדעלשטאַט, אַז ער וואוינט מער אין רעדאַקציע איידער אין זיין צימער, וואָס נעמט אין זיך אריין „אַ בעט, אַ בענקל אָדער צוויי, און דערצו צוויי פּאָר מענטשלעכע פיגורן, כאָטש זיי זיינען ניט שטאַרק דיקע. . ." אַז ער האָרעוועט שווער און „דאָס לעבן איז פול מיט זאָרג און מיט פּאַרטייאישע און ליטעראַרישע". די צייטונג, זאָגט ער, איז „ניט קיין ווערטעלע, דאָ גייט ניט אַזוי אינעם שרייבן, ווי אין דעם וואָס אויף אַלץ דאַרף מען אַכטונג געבן, און אַז מען גיט ניט אַכטונג קומען פּאָר שרעקלעכע פאַרנאַכלעסונגען, ווייל אין רעדאַקציע איז ניטאָ קיין איין מענטש אויף וועלכן מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן." דערביי באַמערקט ער, אַז די מענטשן אַרום אים „פאַרנעמען זיך מיט באַנאַלקייטן" און קיין „גאָענטע מענטשן" האָט ער ניט. ער דערקלערט, אַז ער איז ניט אַזוי פיל פאַרנומען מיט שרייבן „וויפיל מיט אַכטונג געבן, אַז דאָס אָנגעשריבענע און צוגעשיקטע זאָל זיין אויסגעסאָרטירט, אויסגע־פאַריכטעט, ניט פאַרקריפּלט דורך די זעצער און דורך די קאָרעקטאָרן. היינט וואו זיינען די פּאַרטייאישע זאָרגן? דעם האָט מען אָנגערירט, יענעם האָט מען באַליידיקט, דאָרט איז מען באַגאַנגען אַן עולה, נאָך אַלעמען שפּיר נאָך און וויים וואָס געבן אַן אָרט און וואָס אַרויסוואַרפן." גענויער וועגן זיין שווערער רעדאַקציע־אַרבעט און די ערגערנישן וואָס ער האָט און ווי דאָס האָט זיך שוין געגומען אָפּרופן אויף זיין געזונט, דערציילט ער אין אַ בריוו פון מערץ, 1891, צו זיין שוועגערין אַנאַ. ער שרייבט צו איר אַזוי:

„אַ אידישער רעדאַקטאָר — דאָס איז אַ מענטש, וואָס דאַרף שרייבן, שרייבן . . . צי ביסטו געזונט צי ניין, צי פילסטו אַ חשק צום שרייבן אָדער ניט, מיט אַ קאָפּ-ווייטיק — — מיט אַ צעבראָכן האַרץ, מיט בלוט כראַקעס . . . סיי ווי סיי שרייבן. הער אויס די קריטיק פון קאַפע-סאַלון-חכמים, שטרענגע אָנ-דייטונגען פון אַנטוישטע שרייבער, זידלעריי פון נאַראָנים א. אַז. וו. — — — די רעדאַקציע איז אַ שמוציקער קעלער, וואָס איז אייביק פול מיט טומלדיקן המון, אַז דאָרט איז קאַלט, אַז דער פּרעס קלאַפּט אייך אין קאָפּ אַריין, און ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, מוזט איר שרייבן אַן אַרטיקל, פאַרפאַסן פּאָעזיע."

כאָטש עדעלשטאַט פאַרשווייגט ניט פאַר זיינע נאָענטע קרובים זיין שווער לעבן אַלס רעדאַקטאָר פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע", איז ער דאָך גרייט אָנצוגיין ווייטער מיט זיין אַגיטאַציע־אַרבעט. נאָך מער, ער דער־מוטיקט אויך זיין איינציקע שוועסטער צו ווערן אַן אַגיטאַטאָרין פאַר די אינטערעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער שיקט איר אויך רעוואָלוציאָ־נערע ליטעראַטור צו פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן. אין אַ בריוו צו איר פון סוף אַפּריל, שרייבט עדעלשטאַט, אַז „דאָס לעבן פון אַ רעוואָלוציאָנער אין אונזער צייט קאָן ניט זיין זיס. יעדער שריט פאָראויס פאָדערט קאַמף און מי". דעריבער איז אויך זיין לעבן „אַ האָרעפּאַשנער, אָפט אַפילו אַ שווערער".

## דאָס פּיאָנעריש אַרבעטער-ליד

דוד עדעלשטאַט איז געווען איז פולן זין פון וואָרט אַ פּיאָנער פונעם אידישן אַרבעטער־ליד. ער האָט געמוזט אַליין אויסטרעטן זיין וועג. געבאָרן און דערצויגן אין דער עכט־רוסישער שטאָט קאַלוגע, האָט עדעלשטאַט גע־לייענט און געשריבן אין רוסיש, אויף וועלכער ליטעראַטור ער האָט זיך גייסטיק אַנטוויקלט. קומענדיק קיין אַמעריקע אינעם עלטער פון 16 יאָר (אין 1882) געפינט ער דאָ ניט קיין שום ליטעראַטור אין אידיש, וואָס איז ווערט אָט־דעם נאָמען. דער ערשטער אידישער אַרבעטער־דיכטער, מאָריס ווינטשעווסקי, וואָס איז געווען מיט 10 יאָר עלטער פון דוד עדעלשטאַטן, האָט אָנגעהויבן שרייבן אין אידיש ערשט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. ווינ־טשעווסקיס אַרבעטער־ליד דערגרייכט פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע ערשט אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן. אַרום יענער צייט הויבט אויך אָן שרייבן רעוואָלוציאָנערע לידער דער שאַפּ־אַרבעטער מאָריס ראָזענפעלד. נאָר פון אים קאָן עדעלשטאַט דעמאָלט ווייניק לערנען. אין די צוויי יאָר 1887־1888 האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אין אַמעריקע אַ צענדליק אידישע וואָכן־בלעטער, צווישן זיי אויך אַ פּאָר ראַדיקאַלע. קיינע פון זיי האָט אָבער ניט אַרויס־געבראַכט אַזוינע דיכטער, וועלכע דוד עדעלשטאַט האָט געקאָנט נעמען פאַר אַ מוסטער.

דוד עדעלשטאַט האָט ניט געהאַט אַזאַ אידישע דערציאונג ווי די אַנדערע פּראָלעטאַרישע דיכטער פון זיין צייט. ניט בלויז מאָריס ווינטשעווסקי, דער פאַרפאַסער פון העברייאישע שירים און תלמודישע פּאַראָדיעס, נאָר אַפילו מאָריס ראָזענפעלד איז אין פאַרגלייך מיט עדעלשטאַטן געווען אַ גרויסער למדן און משכיל. ווינטשעווסקי און ראָזענפעלד זיינען געווען אידישע אַרבעטער־דיכטער. עדעלשטאַט — אַן אַרבעטער־דיכטער אין אידיש. זיין אידישע שפּראַך איז דעריבער צוערשט געווען זייער אָרעם. ניט אומזיסט איז ער אַריין אין התפעלות פאַר דער פּראָזע פון „משוגענעם פילאָזאָף" און פאַר דער פּאָעזיע פון ש. פרוג. איןביידע פאַלן האָט ער אונטער־געשטראָכן זייער מיטלייד מיט די אונטערדריקטע מאַסן. דאָך איז קענטיק, אַז דער עיקר האָט ער באַוואונדערט די רייכקייט פון זייער אידישער שפּראַך.

דער דאָזיקער מאַנגל אין אידישער ליטעראַרישער טראַדיציע איז ביז אַ געוויסן גראַד פאַרוואַנדלט געוואָרן ביי עדעלשטאַט אין אַ מעלה. ער איז געווען פריי פון יענע השכלה־מליצות פון וועלכע אַפילו מאָרים ווינטשעווסקי האָט זיך ניט אַלע מאָל געקענט באַפרייען.

צום ביישפיל, צו דער דערשיינונג פון ערשטן נומער „פרייע אַרבעטער שטימע" (יולי 4, 1890) האָבןביידע דיכטער, מאָרים ווינטשעווסקי און דוד עדעלשטאַט צוגעשיקט באַגריסונגען. ביידע האָבן זיך אויך פערזענלעך פאָר־געשטעלט פאַר זייערע נייע לייענער. דער מיטל־יאָריקער באַקאַנטער דיכטער, מאָרים ווינטשעווסקי, שטעלט זיך פאָר אַזוי:

„— — — דאָ פון ווייטן, פון דער זייט אַטלאַנטיק
שטייט אַ פאַרגעסענער זינגער, אַ אידעלע,
שטרענגט אָן זיין שטימע, זיין שוואַכן טאַלאַנטיק,
זינגענדיק מזל טוב אין דיזע לידעלע."

דער יונגטלעכער דוד עדעלשטאַט שטעלט זיך פאָר גאָר פשוט:

„פרייע אַרבעטער שטימע!
אויף דיין הייליקן לעבנס-שוועל
באַגריסט דיך מיט ליבע און טרערן
דיין אַלטער פריינט פאַסקאַרעל!"

*     *     *

דוד עדעלשטאַט האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין אידיש ניט קענענדיק געגוג די שפּראַך. זיינע ערשטע לידער זיינען דעריבער ניט פריי פון רוסי־פיציזמען, גערמאַניזמען און אַנגליציזמען. ער האָט אויך ניט געקענט געגוי די אידישע שריפט. אין זיינע מאַנוסקריפּטן פון 1889 פאַרבייט ער אַ גימל אויף אַ זייען, אַ „ד" אויף אַ „צ", און דער גלייכן. העברייאישע ווערטער שרייבט ער פאָנעטיש, אָדער מיט גרייזן. למשל: כיין, רכמנת, יסם, פיילען, אָנשטאָט: חן, רחמנות, יתום, פועלן. אין זיינע גערמאַניזמען האָט אָבער אויך אַ טייל געהאַט די רעדאַקציע. זי ענדערט זיין שרייבן: „אַ" אויף „איין", „און" אויף „אונד", „וועט" אויף „ווירד". עדעלשטאַט האָט אָבער אויף זיך פיל געאַרבעט. זיינע מאַנוסקריפּטן באַווייזן, אַז ער פלעגט איבער־שרייבן זיינע לידער עטלעכע מאָל, פלעגט ענדערן ווערטער און אויך גאַנצע סטראָפעס. די מיינונג, אַז דוד עדעלשטאַט האָט זיינע לידער ניט פאָלירט און ניט געשליפן, איז דעריבער ניט ריכטיק. אמת, די ליניע צווישן פּאָעזיע און פּראָזע איז ביי אים ניט שאַרף געצויגן. ביידע זיינען ביי אים געווען וואָפן אין קאַמף. ער האָט אָבער געהאַלטן פאַר וויכטיק צו שאַרפן זיין וואָפן און אים צו מאַכן וואָס ווירקזאַמער. דאָס איז אים אויך געלונגען. וואָס ווייטער איז זיין ליד קרעפטיקער געוואָרן און האָט צולעצט געקלונגען ווי אַ „קריגס־טרומפּייט". ער האָט אויך פיל געהאַלטן פון זיין פּאָעזיע. ער לאָזט קיינמאָל ניט דורך די געלעגנהייט צו דערקלערן, אַז ער איז אַ דיכטער און דערביי באַמערקט ער, אַז ער איז אַ „דיכטער און סאָציאַליסט". סתם זינגען

אין דער וועלט אריין האָט צו אים ניט אַפּעלירט. אין זיין ליד „צוויי דיכטער", מאָלט ער אויס איינעם אַלס „דער זיסער — — — וואָס האָט פיל האָניק, וויניק גאַל", און דער צווייטער, דער „וואָס האָט זיין האַרץ די אונטער־דריקטע אָפּגעגעבן". דאָס ליד פון לעצטן כאַראַקטעריזירט ער אַזוי:

„זיין יעדעס ליד, זיין יעדע שורה
איז פול מיט גיפט פאַר טיראַניי;
ער וואַרפט די שווינדלער גלייך אין צורה
דער וואַרהייטס ק אָ ב ע ד י ק ע ב ל י י."

דוד עדעלשטאַט איז ניט מאָנאָטאָן. ער וויים די קונסט ווי אַזוי אויסצו־דריקן דעם זעלביקן אינהאַלט אין פאַרשיידענע פאָרמען. אין זיינע ערשטע לידער איז די אייזערנע קייט דער סימבאָל פון שקלאַפעריי. אין זיינע שפּעטערדיקע לידער שמידט עדעלשטאַט איבער זיין אייזערנע קייט אין אַ סימבאָל פון פרייהייט. זיין „אַלטער שמידט" זיצט אויף אַן אינדזל און „אַרבעט און שמידט אַן אייזערנע קייט פאַר דעם גאָט מאַמאָן" און „פאַר יעדן טיראַן, וואָס ליגט צעשפּרייט אויף זיין בלוטיקן טראָן". דער שמיד שווערט, אַז זיין „אייזערנער האַמער" וועט צעשטערן די „גאָלדענע קרוין". אַן אַנדער עדעלשטאַטישער סימבאָל איז דער שטורעם. אין זיינע ערשטע לידער איז דער שטורעם דער סימבאָל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, דער שטורעם קומט „צעשטערן טיראַנען און טראָנען". אין זיינע שפּעטערדיקע לידער אָבער דיכטעט איבער עדעלשטאַט דעם דאָזיקן סימבאָל פון רעוואָלוציע אין אַ סימבאָל פון רעאַקציע. דער שטורעם ווערט דאַן ביי אים דער סימבאָל פון די שוואַרצע כחות, וואָס זוכן איינצושלינגען דאָס שיפל פון פּראָלע־טאַרישן אַוואַנגאַרד.

מיט וויניק אויסנאַמען זיינען עדעלשטאַטס סימבאָלן אינטערנאַציאָ־נאַלע. אַ היפּשע צאָל פון זיינע לידער זיינען געווים ניט מער ווי פּראָזע אין פערזן. די איינפאַכקייט און האַרציקייט, מיט וועלכע זיי זיינען געשריבן, הויבן זיי אָבער אויף איבער דער אַלטעגלעכקייט. עדעלשטאַט פאַרמאָגט ניט אַזאַ רייכקייט פון ריטמען ווי זיינע עלטערע חברים, ווינטשעווסקי און ראָזענ־פעלד. דאָך געפינען זיך ביי אים פאַרשיידענע גראַם־פאָרמען. צום ביישפּיל, פון זיינע אַן ערך הונדערט פינף און דרייסיק אידישע לידער, זיינען דריי און צוואַנציק אין אויסגעלאָזטע גראַמען (געגראַמט שורות 2—4), עלף אין פּאָר־גראַמען (געגראַמט אַ שורה מיט אַ שורה), פיר אין געמישטע גראַמען און דריי אין גאַרטל־גראַמען (געגראַמט שורות 1—4 און 2—3). די איבעריקע זיינען אין קרייץ־גראַמען (געגראַמט שורות 1—3 און 2—4).

* * *

דוד עדעלשטאַט איז אַ סך באַווירקט געוואָרן פון מאָריס ווינטשעווסקין. אין עדעלשטאַטס „פרייהייט געטין" דערקענט מען ווינטשעווסקיס פרייהייט־גייסט. זיין „מיינער" און „פאַרבלוטיקטע גייסטער" זיינען פאָרמירט לויט ווינטשעווסקיס „געשפּענסט". אין עדעלשטאַטס ליד „עס טאָגט" פילט זיך דירעקט די ווירקונג פון ווינטשעווסקיס ליד „עס ריהרט זיך" (1888), נאָר

ווינטשעווסקים ליד איז קאָנקרעט; עס דערציילט, אַז דאָס קומט פּאָר אויף „ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק", אַז „פּריי זיין, זאָט זיין וויל דער אַרבעטער", ער „וויל געניסן אַל־די זאַכן, וואָס עס מאַכן זיינע הענט". עדעלשטאַט אָבער דערציילט בלויז, אַז „שמשון הגבור פון אונזער יאָר הונדערט, האָט פון זיין שלאָף ערוואַכט". צום אונטערשייד פון ווינטשעווסקים „אַרבעטמאַן", קעמפט ניט עדעלשטאַטס „שמשון הגבור" קעגן קאַפּיטאַל. ער איז אַ ראָמאַנטישע פיגור: אַ „שקלאַף", וואָס האָט „דערוואַכט פון זיין פינצטערן דרימל" און „גרייפט" (כאַפּט זיך), ווי די ריטער פונעם מיטלאַלטער, צום „פּאַנצער און שווערד". . . . ער (עדעלשטאַטס קעמפער) איז אַ מענטש, אין וועלכן עס פלאַקערט דער „פרייהייטס הייליקער שמייכל". ער „וויל ניט מער וויסן פון גאָט און הימל" און „וויל ניט קיין האר אויף דער ערד". דער דאָזיקער שמשון הגבור האָט אָבער קיין שייכות ניט צו די טאָג־טעגלעכע קאַמפן פון די אַרבעטער־מאַסן. ניט געקוקט דעריבער אויף דעם, וואָס עדעלשטאַט איז שטאַרק באַווירקט פון ווינטשעווסקין, דערלאָזט אים דאָך ניט זיין אַנאַרכיזם נאָכצופאָלגן יענעם אין הינזיכט פון שילדערן די טאָג־טעגלעכע קאַמפן, צו וועלכע ער (עדעלשטאַט) באַציט זיך מיט ביטול.

ניט געקוקט אויף די אַנטאַגאָניסטישע באַציאונגען פון די אַנאַרכיסטן צו מאָרים ראָזענפעלדן, פלעגט דאָך עדעלשטאַט אָפּט פון אים באַווירקט ווערן. איינגאַנצן באַפרייען זיך פון ראָזענפעלדס ווירקונג האָט עדעלשטאַט ניט געקאָנט. זיינע ערשטע לידער זיינען, פּונקט אַזוי ווי ראָזענפעלדס, גע־באָרן געוואָרן „אין פינצטערן שאַפּ", כאָטש ער (עדעלשטאַט) רעדט פון „געדאַנקען אויף דער פאַבריק" און ראָזענפעלד זעט דאָרט „קיין געפיל, קיין געדאַנק, קיין פאַרשטאַנד גאָר". ביידע האָבן געזונגען פון אידישן שניידער־לעבן, כאָטש ראָזענפעלדס „בלייכער אַפּריטאָר" אַרבעט אין פאַבריק, און עדעלשטאַטס „בלייכער שניידער" אַרבעט ביי זיך אין צימער פאַרן „קליידער־מאַגאַזין". ביידע נעמען זיך אָן אין זייערע לידער די קריוודע פון דער „געפּאַלענער", כאָטש עדעלשטאַט דערמאָנט ניט קיין שולדיקן און ראָזענ־פעלד וויזט אָן אויפן פאַבריקאַנטס הויז. . . . ביידע האַלטן די פאַר־שקלאַפּטע אַרבעטער פאַר „געפּאַנגענע לייבן", און זיך פאַר „טרערן־דיכטער".

* * *

אַ חוץ די לידער און אַרטיקלען האָט דוד עדעלשטאַט אויך געשריבן דערציילונגען און בילדער, וועלכע האָבן זיך דערוואָרבן אַ באַדייטנדיקע פּאָפּולערקייט. פּונקט ווי אין זיינע לידער, אַזוי האָט עדעלשטאַט אויך אין זיינע דערציילונגען זעלטן געמאָלן רעאַלע בילדער פון לעבן. ער האָט ניט געשריבן קיין שאַפּ־דערציילונגען, ווי מאָרים ראָזענפעלד, און קיין בילדער פון קאַמף, ווי שפּעטער מאָרים ווינטשעווסקי. מיט וויניק אויסנאַמען זיינען עדעלשטאַטס דערציילונגען און בילדער אויסגעטראַכטע סכעמעס צו באַווייזן דעם עלנט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. זיינע פּערסאָנאַזשן זיינען ניט כאַראַקטעריסטיש און ניט טיפּיש פאַרן אַרבעטער־קלאַס, נאָר פאַרן קליין־בירגער. עדעלשטאַטס העלדן וויסן ניט פון קיין אַרבעטער־באַוועגונג, פון

קיין קלאסן־קאמף, אדער, ווי דאס הייסט ביי אים, „פריוואט־קריג" אדער „סאציאלעס שלאכט־פעלד". זיינע העלדן גייען אונטער אין עלנט, פארנעמען זיך מיט פערזענלעכער נקמה, אדער באגייען זעלבסטמארד. די מערהייט פון עדעלשטאטס דערציילונגען און בילדער זיינען דעריבער ניט קיין פראלע־טארישע שאפונגען, כאטש זיי דריקן אויס א טיפן האס צו די עקספלוא־טאטארס און א פלאמיקע ליבשאפט צו דער ארבעטערשאפט. די העלדן פון זיינע דערציילונגען זיינען דאס רוב ראמאנטישע פיגורן, אפגעריסן פון צייט און ארט. ניט געקוקט אבער אויף דער ניט־רעאלקייט פון עדעלשטאטס פערסאנאזשן, מאכן זיינע דערציילונגען און בילדער א טיפן איינדרוק מיט זייערע פארשיידנארטיקע שפאנענדיקע סוזשעטן און מיט זיין אויפריכטיקער סימפאטיע צו אלע דערנידעריקטע און ליידנדיקע פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. דער טוץ דערציילונגען און בילדער, וואס דוד עדעלשטאט (ניט האבנדיק פאר זיך קיין שום מוסטער פון א אידישער פראזע־ליטעראטור אין אמעריקע) האט אינעם עלטער פון 25 יאר אנגעשריבן אין פארלויף פון עטלעכע חדשים, בעת ער איז נאך דערצו געווען שטארק באשעפטיקט ווי א רעדאקטאר און א פארטיי־טוער, און האט אין דער זעלביקער צייט פארפאסט א היפשע צאל לידער און פובליציסטישע ארטיקלען — לאזט ניט איבער קיין צווייפל, אז ער האט אין זיך געהאט די פייאיקייט פון א פרא־דוקטיוון דערציילער, און וואלט זיך געקאנט אנטוויקלען אין א באדייטנדיקן פראזאאיקער.

אויס א דריטל פון עדעלשטאטס פופצן פראזע־שריפטן פארנעמען זיך מיט זיינע אייגענע איבערלעבונגען: „ווערא" שילדערט זיין יוגנט אין דער אלטער היים; „צווישן ניו יארקער ראדיקאלן" — זיינע אנטוויקלונגען אין ניו יארק; „דער ערשטער שטראל" — זיין ערשטן ארויסטריט ווי א אידישער ארבעטער־דיכטער; „א רעדאקטארס חלום" און „מוזיק" — זיינע איבער־לעבונגען אלס רעדאקטאר פון דער „פרייע ארבעטער שטימע"; „א בריוו פון א זעלבסטמערדער" — זיינע שטימונגען אינעם שאטן פון טויט אין דענווער.

* * *

פון עדעלשטאטס בריוו צו זיין שוועסטער איז קענטיק, אז בנוגע זיינע לידער איז ער ביי זיך געווען זיכער מיט דער סימפאטיע פון דער מאסע. וואלט ער אבער געווען אימשטאנד ארויסצוטרעטן אלס רעדנער, אדער פאר־לייענער פאר די מאסן, וואלט ער שוין דעמאלט איינגעזען, ווי טיף די אידישע ארבעטער האבן אים געליבט אלס דיכטער. אין דער גאנצער צייט פון זיין רעדאקטארשאפט איז עדעלשטאט בלויז איין מאל ארויסגעטראטן אלס פאר־לייענער פון זיינע שריפטן. דאס איז געווען אין פילאדעלפיע אויף אן אונטער־נעמונג פון די „פיאנערן", דעם 13טן מערץ, צום יארטאג, ווען דער צאר אלעקסאנדער דער צווייטער איז געהרגעט געווארן דורך די „נאראדא־וואלצעס". אין די אנאנסן פון דער אונטערנעמונג (א קאנצערט) איז געווען אונטערגעשטרייכט, אז „דער בארימטער קעמפער און פאעט, גענאסע ד.

עדעלשטאט אויס ניו יאָרק, וועט זיינע פאַרפּאַסונגען פּאָרטראַגן". ער האָט דאָרט פאַרגעלייענט אייניקע פון זיינע זאַכן, נאָך געליטן פון בינע־פיבער.

## אין דענווער, קאָלאָראַדאָ

עדעלשטאַטס פרייַנט דערוויסן זיך וועגן זיין געפערלעכן געזונט־צושטאַנד דורך א צופאַל. יאָהאַן מאָסט איז אין 1891 געזעסן אין דער באוואוסטער אינדזל־טורמע „בלעקוועלס איילאַנד". אין האַרבסט פון אָט־דעם יאָר איז עדעלשטאַט געפאָרן אהין אים צו באַזוכן. פאַרנדיק מיט א דאַכלאָזער „פערי" אין א נאַסן, ווינטיקן טאָג, האָט זיך עדעלשטאַט שטאַרק צוגעקילט און געמוזט אָפּגעשיקט ווערן אין א שפּיטאָל. ביי אָט־דער געלעגנהייט איז פעסט־געשטעלט געוואָרן, אַז ער איז קראַנק אויף טובערקולאָז. זיינער א חבר, א. רודאַש, פירט אים אָפּ אהיים קיין סינסינעטי. גלייכצייטיק הויבן אָן זיינע חברים זאַמלען א פאָנד צו שיקן אים קיין דענווער (קאָלאָראַדאָ), וואו דער קלימאַט איז גינסטיק פאַר לונגען־קראַנקע. אין א בריוו פון סינסינעטי עטלעכע שעה פאַר זיין אָפּפאָרן קיין דענווער, דריקט אויס עדעלשטאַט זיין אָנערקענונג פאַר דער הילף, וואָס עס ווערט אים געגעבן פון די וואָס האָבן „טויזנטער זאָרגן און שמערצן", פון זייער „אַלטעגלעכן פּראָלעטאַרישן לעבן". דאָס וועקט אויף, זאָגט ער, אין אים אויף דאָס ניי זיין „שטאָלצן מוט" און ער פילט, אַז „די וואַרעמע האַנט", וועלכע העלפט אים אין זיין איצטיקער נויט, איז „א וואַרעמע ברידערלעכע האַנט — א האַנט, וועלכע איז ניט פאַרגיפטעט מיט דעם ביטערן גיפט פון היינטיקער וואָלטעטיקייט" . . . ער וויל אויך האָפן, אַז די וואָס העלפן אים האָבן מער אין זינען די „זאַך", צו וועלכער ער האָט „טריי געדינט", ווי זיין „אייגענע פּערזאָן, וועלכע איז ניט ע־נגער אין ניט בעסער, ווי יעדער איינער פון די ליידנדע פּראָלעטאַריער פון דער וועלט". ער דערציילט אויך, אַז ער האָט געהערט פון די פאַר־לוימדונגען קעגן אים, אַז ער לעבט אויפן חשבון פון דער באַוועגונג און קריגט איצט א „לוסט־רייזע קיין קאָלאָראַדאָ". . . . עדעלשטאַט ענדיקט זיין בריוו מיט דער האָפענונג „זיך אין גיכן צו ערהוילן" און ווידער „מיט נייער קראַפט און מוט זיך נעמען" צו זיין „הייליקער אַרבעט", וועלכע איז דער „איינציקער לעבנס־גליק אין היינטיקער טרערן־וועלט".

די געשאַפענע הילף־מיטלען זיינען געווען באַגרענעצט, נאָר ווי קליין עס איז ניט געווען די דאָזיקע הילף, האָט דאָך עדעלשטאַט אין דעם איינ־געזען די ליבע צו אים פון די מאַסן, וואָס אין אַזוינע שווערע צייטן שפּאָרן זיי אָפּ פון זיך און העלפן זייער דיכטער. ער האָט אויך געהאַט באַפרידיקונג פון דעם, וואָס כדי צו שאַפן פאַר אים הילף־מיטלען, האָבן זיינע חברים געגרייט צום דרוק א זאַמלונג פון זיינע לידער.

אָנהויב נאָוועמבער 1891 קומט אָן דוד עדעלשטאַט קיין דענווער. ער קומט אהין צוזאַמען מיט זיין טרייער שוועסטער סאָניע (איצט פרוי טעלסאָן), וואָס גיט אַכטונג אויף זיין געזונט. ווי נאָר ער אָרדנט זיך איין אין אַ „אָרעם צימער" מיט א „צאַנקענדיקן לעמפּל", הויבט ער ווידער אָן שרייבן

לידער. זיין פאמיליע איז געוועז צו אָרעם, כדי אויסצוהאַלטן אים אין דענווער. זיינע חברים אין ניו יאָרק האָבן דעריבער געמאַכט שטאַרקע אָנשטרענגונגען צו שאַפן מיטלען פאַר זיין עקזיסטענץ. זיי האָבן דורכגעפירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג (יעקב גאָרדינס ערשטע פּיעסע „סיביריאַ"), פאַרקויפט זיין בילד, געזאַמלט אַבאָנאַמענטן אויף זיין לידער־בוך א. אַז. וו. עס איז אָבער אַלץ ניט געווען גענוג. זיין יונגע שוועסטער האָט שווער געאַרבעט, געהאַלטן קוואַרטיראַנטן „און נאָר אַ דאַנק איר", שרייבט עדעלשטאַט צו י. קאָפּילאָוון, „זיינען מיר געווען אימשטאַנד אויסמיידן די נויט, ווען אייער הילף פלעגט פאַרשפּעטיקן".



דוד עדעלשטאַטס שוועסטער שרה (מרס. טעלסאָן)

ניט געקוקט אויף זיין שוואַכן געזונט און זיין נאָכאַנאַנדיקן הוסטן, האָט עדעלשטאַט פיל געשריבן אין דענווער. אַ חוץ זיין אויטאָביאָגראַפישער דערציילונג „ווערא", און אַ גאַנצע ריי לידער, וואָס ער האָט געדרוקט, צוערשט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" און נאָך איר אונטערגאַנג (יוני 1892) אין „אַרבעטער פריינט", האָט עדעלשטאַט אויך איבערגעלאָזט אַ געוויסע צאָל שריפטן אין פּאָעזיע און פּראָזע, אין מאַנוסקריפּט, צווישן דעם אויך אַ ריי ניט־פאַרענדיקטע זאַכן.

פונקט ווי אין זיין געזונטן צושטאַנד, אַזוי אויך קראַנקערהייט, האָט עדעלשטאַט געלעבט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. אפילו „אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן, ווען ער האָט שוין פון בעט ניט געקענט אַראָפּגיין",

דערציילט אַ דענווערער איינוואוינער, א. יורעלאָוויץ, פלעגט דוד עדעלשטאַט „זיך גאָכפרעגן אויף געוויסע סטרייקן, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען דעמאָלט". באַזונדערס איז ער געווען פאַראינטערעסירט אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ער שיקט אויך צו אַ בריוו, דורך י. קאַפּילאָוון, צו דער אַנאַרכיסטישער קאָנווענשאָן, אין וועלכן ער שלאָגט פאָר ניט אָנצורופן מער זייער צייטונג „אומפּאַרטייאישע", ווען זי איז שוין ניט מער אַזאַ...

שפּעטער, ווען די „פרייע אַרבעטער שטימע" גייט אונטער, לאָזט עדעלשטאַט אַרויס אויפרופן צו זיינע חברים, זיי זאָלן זיך אָנשטרענגען ווידער אויפלעבן זי. אין זיין לעצטן בריוו, אַ פּאָר טעג פאַרן טויט, בעט ער זיך מ'זאָל אים שרייבן — „איבערהויפּט איבער די באַוועגונג"...

# די לעצטע טעג

די קאָלאָראַדער באַרג־לופט האָט דעם קראַנקן דיכטער ניט געגעבן די דערוואַרטע רעזולטאַטן. אין זיינעם אַ בריוו פונעם 25טן דעצעמבער, 1891, צו זיין חבר ה. וויינבערג, שרייבט עדעלשטאַט, אַז זיין „געזונט איז נאָך אַלץ ניט אַמבעסטן". ער „הוסט און פילט זיך שוואַך"... צוויי חדשים שפּעטער שרייבט ער אים, אַז ער האָט אים ביז איצט ניט געשריבן, ווייל ער האָט געפילט „זייער שלים" אין זיין געזונט, נאָר איצט פילט ער עטוואָס בעסער און האָפט אין פרילינג און אין זומער זיך צו דערהאָלן פון זיין קראַנקהייט. ער דערמאָנט אויך, אַז זיין מאַטעריעלע לאַגע איז „ניט אַמבעסטן", כאָטש ניט אַזוי שלעכט, „ווי ביי יענע טויזנטע, וועלכע האָבן קיין ברויט און קיין פלייש". מער ווי אַלץ פייניקט אים אָבער דאָס „לעבן און טעטיקייט אָן פריינט, ווייט פון דער לעבעדיקער וועלט". ענלעכע געפילן דריקט ער אויס אין אַ בריוו צו דער פאַמיליע אין סינסינעטי, דאַטירט דעם 19טן מערץ, 1892. ער שרייבט, אַז ער און סאָניע „ציילן די טעג און חדשים", ווען זיי „וועלן שוין פאָרן געזונטע אויף צוריק". נאָך שטאַרקער ווערט זיין האָפענונג אין פרילינג, נאָר זומער־צייט קומט אים אויף אַ נייער געדאַנק, אַז ער האָט אייגנטלעך ניט וואָהין צו פאָרן צוריק... סינסינעטי באַטראַכט ער פאַר אַ „טורמע". אים געפעלט ניט איר קלימאַט — „אַ רויך, וואָס צעפרעסט די לונגען"... דערצו האָט ער דאָרט ניט מער קיין פריינט. עס געפעלט אים אויך ניט דער פּלאַן צוריק צו פאָרן קיין ניו יאָרק. אין אַ בריוו פון יענער צייט צו זיינעם אַ ניו־יאָרקער חבר, שרייבט עדעלשטאַט, אַז ער איז „פולשטענדיק זיכער", ווען ער קומט קיין ניו יאָרק לעבט ווידער אויף די „פרייע אַרבעטער שטימע"... י. קאַפּילאָוו וואָלט „געאַרבעט און געזידלט זיך און געהאָלפן דער זאַך, אי דער פאַרשלאָפענער (משה) קאַטץ וואָלט זיך אויפגעוואַכט, אי די דאָקטוירים מיט די אַדוואָקאַטן וואָלטן זיך ווידער גענומען פאַר דער אַלטער פאָן". נאָר די צרה איז, קומט ער צום אויספיר, „וואָס דאָס ניו יאָרקער לעבן מיט זיינע שלאָפלאָזע נעכט, און מיט דער שווערער אינטעלעקטועלער אַרבעט איז ניט פאַר מיינע כחות — — — אָנשטאָט אַ טוער וועל איך בלייבן אַן אינוואַליד — — — — אויב

קומען צופאָרן צו אייך איז ניט אויף שלאָפן, נאָר אויף אַרבעטן און דאָס פּאָדערט אַ ביסל נאָך אויסוואַרטן״.

*   *   *

דוד עדעלשטאַט פּלעגט אויך פריער פון צייט צו צייט שרייבן לירישע לידער, אין וועלכע ער פּלעגט אויסדריקן זיין פּערזענלעכן וויי. זינט ער איז קראַנק געוואָרן, שרייבט ער מערסטנס לירישע לידער, נאָר אויך זיינע אינ־טימסטע פּערזענלעכע געפילן זיינען אַלע מאָל ענג פאַרקניפּט מיט זיין שטאַרקן באַגער ווידער צו ווערן אַקטיוו אויפן „שלאַכט־פעלד״ פון קלאַסן־קאַמף. זיינע לעצטע לידער זיינען אויך מער באַאַרבעט און טיפער דורכ־געטראַכט ווי די פריערדיקע. אין זיין ליד „דער פאַרוואונדעטער אָדלער״, שילדערט עדעלשטאַט אַ יונגן אָדלער, וואָס ליגט פאַרוואונדעט אויף אַ פעלזן־שטיין. ער קוקט „צו דער זון אַרוף (אַרויף), נאָר די קראַנקע פליגל „הויבן ניט דעם גוף״. ער צאַפּלט זיך, רייסט זיך, שילט, ער וויל וויסן, צי ער וועט „אַמאָל ווידער קענען אומשוועבן איבער בערג און טאָל, טראָגן זיך דורך שטורעם שטאָלץ אין זונען שיין; צווישן פרייע אָדלער, אַ פרייער אָדלער זיין״, נאָר „קיינער גיט ניט קיין ענטפער — איינגעהילט אין שניי, שלאָפן בערג און טאָלן; מיין שמערץ וואָס קימערט זיי״.

זיין ליד „טרערן״ (8טן יולי, 1892), פאַרענדיקט עדעלשטאַט מיט די ווער־טער, אַז זיין „לעבנס־בעכער איז פול מיט גיפט און גאַל״. . . זיין ליד „אַ ביטערער מזל״, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן ביי זיין לעבן, שילדערט דעם ביטערן מזל פון אַ יונגער פרוי (געמיינט וואַרשיינלעך זיין טרייע שוועסטער), וועלכע ליבט און גיט אַכטונג אויף אַ האָפענונגלאָזן קראַנקן. זי קאָן זיך אַפילו ניט באַקלאָגן, אַז צוליב אים פאַרלירט זי איר שיינקייט און יוגנט. ער צעשמעטערט זי מיט זיין שווידערלעכן ענטפער, אַז „פאַר איר זיינען נאָך דאָ פיל זיסע, יונגע יאָרן, און פאַר אים — נאָר דעם קאַלטן קברס טיר...״ פול ביטערקייט איז אויך עדעלשטאַטס פרייע באַ־אַרבעטונג „פון אַלבערט פאַרסאָנס לידער״, פון וועלכן עס געפינען זיך צווישן זיינע מאַנוסקריפּטן אַ צענדליק וואַריאַנטן. עדעלשטאַט רעדט דאָרט וועגן זיין קבר — „דעם טויטס שטילער נעצעלט״ — און וועגן דעם „דער־וואַרטן קאַלטן מצבה־שטיין״... אין זיין ליד „פון מיין טאָג־בוך״, פאַר־עפנטלעכט שוין נאָך זיין טויט, דערקלערט ער, אַז אים שרעקט ניט דער טויט, נאָר דער געדאַנק צו שטאַרבן אויף אַ קראַנקן־בעט. . . . זיין לעצטער פאַרלאַנג איז, אַז דאָס שלאַכט־פעלד זאָל זיין זיין „טהרה־ברעט״. . . . אין זיין ליד „צום קעניג טויט״ (דאַטירט: „דענווער, 13טן אָקטאָבער״, דאָס הייסט פיר טעג פאַר זיין טויט), בעט זיך עדעלשטאַט ביים „קיניג טויט״: „איך בין נאָך יונג — — — איך וועל פּרובירן אין קאַמף זיך שטעלן אויף דאָס ניי — — — לאָז מיך ענדיקן מיין טרוים; איך האָב געלעבט נאָך זייער ווייניק — — — לאָז מיך ענדיקן מיין בילד!״ נאָר דער טויט האָט עדעלשטאַטן ניט אָפּגעלאָזט. דער קראַנקער דיכטער זעט איין (ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין ליד „דער אָוונט־גלאָק״), אַז צו ענד איז זיין

„לעבנס־שטורעם־טאָג”, זיינע „טרוימען און געזאַנגען. עס רופט דער טויט, עס שלאָגט דער אָוונט־גלאָק!” עדעלשטאַט פּרואווט זיך דעמאָלט איינרעדן, אַז „דום איז צו קעמפן קעגן דעם טויט”, אַז „דאָס לעבן איז טויזנט מאָל שלימער” — — — „ווען דיין אידעאַל, דיין לעבן, דיין זיין, וואָס וועט פול מיט האָפענונג דיר שיינען, איז איצט פאַרשטעלט מיט אַ ווילדן טאַבון פון טריאומפירנדיקע שוויינען”.

און מיט די ווערטער „טריאומפירנדיקע שוויינען” האָט דער פאַר־צווייפלטער קראַנקער דיכטער געמיינט ניט בלויז די עקספּלואַטאַטאָרס. ער האָט דעמאָלט אויך פאַרלאָרן זיין צוטרוי צו זיינע אַלטע אַנאַרכיסטישע קאַמעראַדן. דאָס באַווייזט ער אין זיין „צייט־ליד” (פאַרעפנטלעכט דריי טעג פאַר זיין טויט). דוד עדעלשטאַט הויבט אָן זיין לעצטן ליד מיט אַ געבעט צו זיין מוזע, זי זאָל אים העלפן אויפשטיין פון בעט. . . . „ער קען מער ניט דולדן די גלייכגילטיקייט” פון זיינע חברים — „עס יובלט, עס הוליעט די רעאַקציאָן” און „זיי שלאָפן, זיי שנאַרכן, עס גייט זיי ניט אָן”. ער בעט די מוזע זי זאָל אים, דעם „פאַרוואונדעטן אינוואַליד”, פירן צו זיינע „אַלטע קאַמעראַדן” — „פיליכט וועלן זיינע טרערן און וואונדן דערוועקן אין זיי אַ נייעם געמיט!”. נאָר באַלד דערהערט ער מעפיסטאָפל רעדט: „גענוג שוין צו טרוימען, דו נאַרישער דיכטער; גענוג פאַנטאַזירן, ליג שטיל אויף דיין בעט! וואוהין וועסטו גיין? ווער וועט דיך הערן?” יענע אַכטן בלויז „קאַריערעס, טיטולן, דיפּלאָמען, ביזנעס”. . . .

דריי טעג שפּעטער, מאָנטיק אין דער פרי, דעם 17טן אָקטאָבער, 1892, איז דוד עדעלשטאַט געשטאָרבן.

* * *

אַ סך פון דוד עדעלשטאַטס מיטקעמפער האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגע־זאָגט פון דעם, פאַר וואָס ער האָט געקעמפט. צווישן די פון זיי, וואָס לעבן נאָך היינט, געפינען זיך אַזוינע עלעמענטן, וואָס שטייען אויסערהאַלב דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער געפינען זיך אינעם לאַגער פון די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס. עס איז שווער צו זאָגן, וועלכע פון עדעלשטאַטס „אַלטע קאַמעראַדן” וואָלטן אונטער זיין איינפלוס געבליבן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז אָבער ניטאָ קיין ספק, אַז אַזאַ אויפריכטיקע פערזענלעכקייט ווי דוד עדעלשטאַט וואָלט ניט געקאָנט לאַנג בלייבן צווישן די, וואָס זוכן „קאַריערעס, טיטולן, דיפּלאָמעס, ביזנעס”. אַ רעוואָלוציאָנער, ווי דוד עדעלשטאַט, וואָלט זיכער זיך געפונען אינעם לאַגער פון די, וואָס גרייטן צו די מאַסן פאַר דעם „לעצטן סטרייק”. ער וואָלט נעגאַנגען מיט די, וואָס פאַרווירקלעכן טאָג־טעגלעך דאָס, וואָס ער האָט אומזיסט געפאָדערט פון זיינע „אַלטע קאַמעראַדן”.

דוד עדעלשטאַט געהערט צום רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד פונעם אַר־בעטער־קלאַס. ער איז געווען איינער פון די ערשטע אָנזאָגער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און די קעמפערישע אַרבעטערשאַפט וועט אים אַלעמאָל ציילן צווישן אירע פיינסטע פיאָנערן.

ליי ענט:

# „סאָוועטנלאַנד“

## פון היולעט דזשאַנסאָן

דין פון קענטערבערי

מיט אַ פאָרוואָרט פון

## דר. ח. זשיטלאָווסקי

☆

פרייז 45 סענט

☆

„איינס פון די וויכטיקסטע ביכער וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד,
וואָס איז ווען עס איז דערשינען.“

☆

יעדער אָרדן־מיטגליד מוז האָבן אַ קאָפּיע פון דעם בוך
ביי זיך אין הויז.
לייענט אַליין און פאַרשפּרייט דאָס בוך
צווישן די ברייטע אידישע מאַסן.

**פאַרשפּרייט דעם אמת וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד!**

☆

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן צום
קאָאָפּעראַטיוון פאָלקס פאַרלאַג
80 פינפטע עוועניו, ניו יאָרק.